מ. אידינ

# די וויסטעניש
# ווערט איבערגעבויט




מעלוכע־פארלאג פאר די נאציָאַ־
נאלע מינדערהײטנ אינ אוסר"ר

קיִעוו 1935 כארקאָוו

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער ל. מ י ש־
ק אָ ו ו ס ק י. טעכנישער רעדאקטער ז.
ו ו אָ ר ט מ א נ. קאָרעקטער אי. ש ט ו ל מ א נ.
פאפיר 72X104—1|32—50 קג. 2 דרוק־
בויגנ. אינ 1 פאפירבויגנ 70.000 צייכנס.
טיראזש 2500 עקז. פארלאג 30—C №.
11־טע ליטאָ־דרוקעריי אופקפ״ט, בערדי־
טשעוו. באשט. גומ. 771. הויפטליט 645 №.
אָפגעגעבנ אינ זאצ 1935 —II|11. אונטער־
געשריבנ צומ דרוק 1935 — V|15

# אויסבעסערונג

אפ ז. 4 שורעס 4־5 פונויבנ. אָנשטאָט „ערד־לעכ״ דארפ זיינ „ערד־קיילעכ״.

אפ ז. 47 שורע 14 פונויבנ. אָנשטאָט „אונ ניט מער״ דארפ זיינ „אונ גיט מער״.

צי זיינען פאראַן טייכן אָן לעפצונגען,
וועלדער אָן שאָטן, פיש מיט לונגען?

צי זיינען פאראַן טרוקענע נעפּלען
און טרוקענע כוואַליעס?

וואָס פאַר אַ בוים שטאַרבט,
ווען מע באַגיסט אים מיט וואַסער?

וואָס פאַר אַ כייע שווימט אין זאַמד,
ווי אַ פיש אין וואַסער?

אין וואָסער אַ לאַנד קען מען זומער
גיין איבער אַן אָזערע?

ווער האָט אויסגעבויט די וויסטעניש,
און ווער וועט זי איבערבויען?

## וואָס פעלט דער וויסטעניש?

א זיבעטכיילעק פונ אונדזער לאַנד איז וויסטע־ניש אָדער האלב־וויסטעניש. בא אונדז אינ לאנד איז די גרעסטע זאמדיקע וויסטעניש אפנ ערד־לעכ — קארא־קומי. רעפובליקנ גאנצע ליגנ בא אונדז אינ זאמד.

פיר פינפטל פונ דער טורקמענישער רעפובליק, ניינ צענטל פונ דער קאראקאלפאקער רעפובליק זיינענ — זאמדנ.

וועגנ דער וויסטעניש רעדט מענ מיט ווערטער, וואָס ענדיקנ זיכ אלע אלציינס: פרוכטלאָז, וואסער־לאָז, מענטשנלאָז, פריידלאָז, האָפענונגלאָז.

די אלע ווערטער ריידנ ניט וועגנ דעמ, וואָס אינ דער וויסטעניש איז פאראנ, נאָר וועגנ דעמ, וואָס עס פעלט איר. אונ דאָס וואָרט „וויסטעניש" אלייג באטייט א וויסט אָרט, אנ אָרט, ווו ס'איז גאָרניט ניטאָ.

אָבער דאָס איז ניט ריכטיק. די וויסטעניש איז ניט קיינ וויסט אָרט.

צי איז די וויסטעניש פרוכטלאָז?

ניינ, זי איז ניט פרוכטלאָז.

אינ א זאמדיקער וויסטעניש איז פאראנ קאלכ, עס זײַנענ פאראנ אויכ אנדערע מינעראלע שטאָפנ, וואָס זײַנענ נייטיק פאר די געוויקסנ.

אָבער די געוויקסנ דארפנ האָבנ ניט נאָר א נערהאפטיקנ באָדנ. זיי באדארפנ אויכ זונענ־שײַנ. איז דענ אָבער אינ דער וויסטעניש דאָ ווייניק זונענשײַנ? דאָרט איז זוניקע טעג פאראנ מער, איידער וווּ־ניט־איז ערגעצ אנדערש. דאָרט קענ מענ פלאנצנ די זעלטנסטע געוויקסנ, וואָס וואקסנ נאָר אינ די טראָפּישע לענדער.

פאָרט זיכ דורכ אינ דער בײַ־אראלער וויסטעניש, אפּ דער סטאנציע טשעלקאר. איר וועט דאָרטנ דערזענ לעבנ די הײַזער פּונעמ אײַזנבאנ־יישעוו שפּאלערנ ווײַנטרויבנ, אָנ א שיר רויזנ־בייטנ, אסטרעס, טולפּאנענ, קושטשעס מאלינע, ווײַנפּערלעכ, אגרעסנ. די אײַזנבאנער וועלנ אײַכ אונטערטראָגנ ווײַנשל, פּלוימענ. מע וועט אײַכ באווײַזנ בייטנ מיט אוגערקעס, מיט קרויט, ציבעלעס, מערנ, קלובניקע.

אונ דאָס אלצ איז אינ דער וויסטעניש!

דאָס פּיצל וויסטעניש אפּ דער סטאנציע טשעלקאר האָבנ מענטשנ פארוואנדלט אינ אנ עמעסנ באָטאנישנ גאָרטנ.

ווער האָט עס געמאכט? א פּראָפּעסער? א באָטאניקער? אנ אגראָנאָמ?

ניינ! דאָס האָבנ געמאכט די אײַזנבאנער דזשעווינסקי אונ לעוושענקאָ. אסאכ יאָרנ האָבנ זיי

געארבעט, זיך געפּאָרעט אַף זייער פּיצל וויסטעניש און האָבן זיך ניט צוגעהערט צו די, וואָס האָבן געשפּעט פון זיי, וואָס האָבן זיי אויסגעלאַכט.

איז אָט וואָס מע באַדאַרף, קעדיי די וויסטעניש זאָל ווערן אַ בליִענדיקע: מע באַדאַרף אַרבעטן.

צי איז די וויסטעניש וואַסערלאָז?

ניין, זי איז ניט וואַסערלאָז. די געלערנטע זאָגן, אַז אין דער וויסטעניש קאַראַ־קומי, אַף דער טיף פון איין מעטער, זײַנען די זאַמדן שוין ניט טרוקן, נאָר פײַכט. זאַמד איז דער בעסטער זאַמלער און אופהיי־טער פון וואַסער. פרילינג־צײַט זײַען זיך די רעגן־און שניי־וואַסערן שנעל דורך אינעם זאַמד און באַ־ווײַזן ניט אויסצודאַמפּן זיך. אין דער טיף, אונטער אַ שיכט טרוקענעם זאַמד, טריקנט די וואַסער ניט אויס אפילע אין אַזאַ היץ, וואָס טרעפט אין וויסטעניש.

און באַנאַנד, צו דאָרעמ־צו פון אונדזערע וויסטע־נישן, אין די הויכע בערג — דאָרטן ליגן אייביקע שנייען און גלעטשערס. דאָרטן איז דאָ וואַסער, וויפל דאָס האַרץ גלוסט. מע דאַרף זי נאָר קענען נעמען.

וואָס־זשע דאַרף מען אַף צו נעמען אָט די וואַ־סער? מע דאַרף בלויז אַרבעטן.

צי איז די וויסטעניש מענטשנלאָז?

ניין, זי איז ניט מענטשנלאָז.

אין דער וויסטעניש לעבן מענטשן. הונדערטער טויזנטער מענטשן וואַנדערן איבער דער וויסטעניש מיט זייערע פאַמיליעס, מיט זייער האָב־און־גוטס, מיט

קעמלען, שאָפּ און אפילע מיט הײַזער — קיבּיטקעס. ניט גרינג לעבּט זיך די מענטשן אין דער וויסטע־ניש. די היץ טרײַבּט זיי זומער פון דער וויסטעניש אין די בּערג, ווינטער פאלן גאנצע טשערעדעס פי פון פראָסט, פון שניי־שטורעמס, פון אײַז־גליטש. און אַן טשערעדעס איז הונגער. אָן טשערעדעס איז דעם וואנדער־מענטשן א טויט. דידאָזיקע מענטשן וואָלט זיך געלעבּט בּעסער, ווען זיי זאָלן האָבּן א וועלכן ניט איז רעזערוו היי אף ווינטער, א וואָסער ניט איז בּאהעלטעניש פאר די טשערעדעס אינעם אומוועטער, אין די פרעסט. מע דאַרף זיי העלפן צו בּאזעצן זיך, אַנצוהייבּן לעבּן אף א נײַעם שטייגער, מיטן לעבּן פון פעסטגעזעסענע מענטשן.

צי קען מען דאָס מאכן, און וואָס דארף מען צו־ליבּ דעם? מע דארף בּלויז ארבּעטן.

צי איז די וויסטעניש האָפענונגלאָז?

ניין, זי איז ניט האָפענונגלאָז.

אין דער וויסטעניש וואָלטן געקענט זײַן אי סע־דער, אי פעלדער, אי וועלדער, אי וועגן, אי שטעט. די וויסטעניש וואָלט געקענט ווערן איין דורכויסיקער אָאזיס. און א דורכויסיקער אָאזיס איז שוין ניט קיין וויסטעניש.

וואָס־זשע פעלט דער וויסטעניש?

עס פעלט איר בּלויז איינס: מענטשלעכע מי.

קעדיי איבּערצומאכן די וויסטעניש, דארף מען ארבּעטן.

אָבער וויאַזוי אַרבעטן? איינציקווייַז אָדער אינ־צווייען, ווי עס אַרבעטן דזשעווינסקי און לעוושענקאָ? ניין, אַזוי וועט איר ווייניק אויפטאָן. אָט זעען מיר דאָך, אַז ביזוואַנען דזשעווינסקי און לעוושענקאָ האָבן געאַרבעט אַליין, איז זייער פּלאַנץ־שול געווען בלויז אַ קליין אינדזעלע אינעם אומגעהייערן זאַמדיקן ים. און איצט, ווען ס'איז געקומען צו הילף די אייַזנבאַן, איז די אַרבעט אַוועק גאָר אַנדערש. מע האָט אויסגעבויט אַ הרעבליע און געשאַפן אַ קינסטלעכע אָזערע פאַר דער באַוואַסערונג. מיט קעמלען האָט מען צעאַקערט הונדערטער פּופּציק העקטאַר. מע האָט אַוועקגעשטעלט נאַפט־באַוועגערס און צענטערלויפיקע פּאָמפּעס. מע האָט אויפגעהויבן די וואַסער און געלאָזט זי פון דער הייך מיט זשאָלאָבן און קאַנאַלן איבערן גאַנצן באַצירק.

און צו האַרבסט איז דער טשעלקאַרער יישעוו געווען פאַרשאָטן מיט פּאָמידאָרן, אוגערקעס, ציבע־לעס, מערן, רעטעך, קאַוועגעס. דאָ איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער שוווּנג.

דאָס האָט אויפגעטאָן די אייַזנבאַן.

און ווען ניט איין אייַזנבאַן, נאָר דאָס גאַנצע לאַנד מיט אַלע זייַנע אייַזנבאַנען, מיט אַלע זאַוואָדן און שטעט וועט זיך אַ נעמ טאָן איבערצומאַכן דאָס לאַנד לויט איין פּלאַן, דאַן וועט פון דער וויסטעניש, פון דער פריערדיקער וויסטעניש, ניט בלייַבן קיין שפּור. ווען ניט בלויז דזשעווינסקי און לעוושענקאָ,

נאָר מיליאָנען דזשעווינסקיס און לעווטשענקאָס וועלן זיך א נעמ טאָן פאר דער ארבעט, וועט די וויסטע־ניש ווערן גאָר אן אנדערע. דאָס וואָרט „וויסטע־ניש“ וועט פארגעסן ווערן, און קיינער וועט שוין מער ניט זאָגן, אז זי איז וואסערלאָז, פרוכטלאָז, מענטשנלאָז, האָפענונגלאָז, פריידלאָז.

## דער וועג אין דער וויסטעניש.

איבערמאכן די וויסטעניש איז אזא ארבעט, פאר וועלכער מע האָט זיך נאָך קיינער און קיינמאָל ניט גענומען.

עמעס, מענטשן פלעגן פריִער אויך גיין אין דער וויסטעניש. עס זייַנען געגאנגען געלערנטע, עס זייַנען געגאנגען הענדלער. אָבער גלייַך נאָך זיי איז געגאנגען מיליטער מיט הארמאטן. און עס פלעגט טרעפן, אז די אויספאָרשערס פון דער וויסטעניש זייַנען אלייַן געווען אָנטיילנעמער פון די מיליטער־מארשן און דעראָבערונג־עקספעדיציעס. דער רייַזנ־דער סעמיאָנאָוו האָט זיך באטייליקט אינעם מארש פונעם פאָלקאָווניק סעמענטאָווסקי, דעם באצווינגער פון די קירגיזן; סעווערצעוו האָט זיך באטייליקט אין טשערניאיעווס, און פעדטשענקאָ — אין אבראַ־מאָווס מארש. אָפטמאָל זייַנען די געלערנטע אלייַן געווען מיליטער־לייַט. פרזשעוואלסקי איז געווען א פאָלקאָווניק פון גענעראל־שטאַב.

אויך אמאָל פלעג מען פּויען וועגן אין דער וויס־טעניש.

די אײַזנבאַן דורך דער וויסטעניש קאַראַ־קומי איז אויסגעבויט געוואָרן נאָך פאַר דער רעוואָלוציע. אָבער צוליב וואָס האָט מען זי אויסגעבויט? ניט קעדיי אי־בערצומאַכן די וויסטעניש, נאָר אַפּ צוצופירן מילי־טער, פּראָוויאַנט און געווער, אַפּ צו האַלטן אין אונטערטעניקייט די פעלקער פון דער וויסטעניש.

די באַצווינגערס האָבן די וויסטעניש אַלייְן ניט באַדאַרפט. זי איז פאַר די הענדלערס און אונטערנע־מערס געווען בלויז אַ פאַרדריסלעכע שטערונג אַפן וועג צו די אָאַזיסן, אַפן וועג צום פּוימוואָל, צו די בליִענדיקע סעדער, צו די ברעגן פון די גרויסע טײַכן פון מיטל־אַזיע. און די פעלקער, וואָס באַוווי־נען די וויסטעניש, זײַנען אויך געווען אַ שטערונג, וואָס מע האָט געדאַרפט אָפּראָמען, אַ באַריער, וועלכן מע האָט געדאַרפט צעבּרעכן.

ניט צוליב אַרבעט, נאָר צוליב באַרײַכערט ווערן זײַנען די באַצווינגערס געגאַנגען אין דער וויסטע־ניש.

און אַפילע אין אונדזער צײַט — צי קלערט עמע־צער אין אַנדערע לענדער וועגן איבערבויען די וויסטעניש? אַפּ וואָס דאַרפן די געשעפט־לײַט און אונטערנעמערס איבערמאַכן די וויסטעניש? צו וואָס זאָלן זיי איבערמאַכן די וויסטעניש, צו וואָס שאַפן אין דער וויסטעניש פעלדער און סעדער? זיי זײַנען

דאָכ גרייט צו פארוואנדלען אינ א וויסטעניש אויכ
די פעלדער, וואָס זיי פארמאָגנ, אבי צו פאריכטנ די
געשעפטנ, אופהייבנ די פרײַזנ אפ בוימוואָל, אפ צוּ־
קער, אפ פרוכטנ, אפ קאווע. וויפל טויזנטער העק־
טארנ זײַנען שוינ פארלאָזט אינ אמעריקע! די גע־
רעטעניש לאָזט מענ איבער אפנ פעלד, די פעלדער
לאָזט מענ איבער ניט פארזייט,—ווענען ליגט עס
אינ קאָפ צו איבערבויענ די וויסטעניש?
נאָר אויכ אינ די בעסערע צײַטנ, ווענ עס זײַנענ
געשטאנענ הויכע פרײַזנ, ווענ דער האנדל איז גע־
גאנגענ גוט,—אויכ דעמלט האָט די הענדלערס
אונ די אונטערנעמערס ניט געלוינט איבערצובויענ
די וויסטעניש. אונ ווו קומענ זיי צו איבערבויענ די
וויסטעניש? אפ איבערבויענ זי אינגאנצנ—דארפנ
מיליאָנענ מענטשנ אײנמוטיק ארבעטנ לויט איינ
אלגעמײנעמ פלאנ. אונ קיינ אלגעמײנער פלאנ איז
ניטאָ אינ ערגעצ, נאָר אינעמ ראטנפארבאנד. אונ עס
איז קיינ וווּנדער ניט, וואָס די אָאזיסנ, וואָס די איי־
ראָפייער האָבנ געשאפנ אינ די וויסטענישנ פונ די
הייסע לענדער, זײַנענ בלויז פינטעלעכ אפ דער קאר־
טע. אינ אסאכ ערטער האָבנ די אייראָפייער ניט פאר־
קלענערט, נאָר פארגרעסערט דעמ שעטעכ פונ די
וויסטענישנ. פאר גאנצ דאָרעמ־אפריקע, צומ בײַשפיל,
שטייט פאָר א געפאר צו ווערנ א וויסטעניש. בלי־
ענדיקע סטעפעס זײַנענ אויסגעטאָפטשעט געוואָרנ
דורכ די טשערעדעס פי. די טײַכנ זײַנענ פארזאמ־

דיקט געוואָרן, אלץ טיפער און טיפער מוז מען גראָבן די ערד אפ ארויסצוקריגן וואסער. אין 1918 יאָר האָט איין געלערנטער, דער פראָפעסער שווארץ, פאָרגעלייגט צו פארהאטען דעם שטראָם פון צוויי דאָרעם־אפריקאנישע טײַכן און אָפּווענדן זייער וואסער אינעווייניק אין דער וויסטעניש קאלאכארי. דאָס וואָלט פֿײַכטער געמאכט דעם קלימאט פון דאָרעם־אפריקע. די וויסטעניש קאלאכארי וואָלט פארוואנדלט געוואָרן אין א פרוכטבאר לאנד. נאָר דעם פראָפעסער שווארצס פראָיעקט איז געבליבן ניט פארווירקלעכט, ווי אסאך אנדערע פראָיעקטן.

וויפל געלט דארף מען האָבן אפ דעם, און ווען וועט אָט דאָס געלט אָנהייבן ארײַנטראָגן רעווען! אן אנדער זאך איז — ארויסבויען א וועג דורך דער וויסטעניש, קעדיי ארײַנצודרינגען אין די בעסערע, נאָך ניט געריירטע לענדער פון די קאָלאָניעס. אָט דאָס לוינט בעסער.

און אָט באווײַזט זיך אין דער וויסטעניש א וועג, — א הוילער וועג אין דער הוילער וויסטעניש.

עס גייען איבערן וועג סאָלדאטן און טופען מיט די שטיוואלעס. עס אנטלויפן פון די באצווינגערס, גייען אוועק אין דער טיף פון דער וויסטעניש די פעלקער, וואָס וווינען אין איר.

און די איבערבויונג פון דער וויסטעניש? דאָס איז בלויז א מײַסעלע פאר קינדער!

פאר אונדז אָבער איז די איבערבויונג פון דער וויסטעניש ניט קיין מײַסעלע. מיר האָבן ניט קיין מוירע אַרײַנצולייגן מי אין דערדאָזיקער זאַך. זי וועט זיך באַצאָלן, די דאָזיקע מי, ווען די וויסטעניש וועט ווערן אויס וויסטעניש.

מיר זײַנען ניט קיין פײַנט פון די פעלקער, וואָס לעבן אין די זאַמדן, מיר זײַנען זייערע פאַרבינדעטע. טויזנטער יאָרן האָבן זיי געפירט דעם האַרבסטן קאַמף קעגן דער וויסטעניש. מע דאַרף זיי העלפן צו זיגן אינעם דאָזיקן קאַמף. די וויסטעניש איז געווען פאַר זיי אַ ביטערע באַלעבאָסטע. די וויסטעניש האָט זיי געצווונגען צו לעבן מיטן שווערן לעבן פון וואַנדער־מענטשן, און אַצינד וועלן זיי זײַן די באַלעבאַטים פון דער וויסטעניש.

און יעדער וועג, וואָס מיר בויען,— דאָס איז אַן אַרטעריע, וואָס דורך איר וועט זיך אַ גאָס טאָן אינעם קערפּער פון דער וויסטעניש די מענטשלעכע מי און אַלצדינג אופלעבן.

עס וועלן גיין איבער די וועגן ניט קיין סאָלדאַטן, ניט קיין באַצווינגערס, נאָר אַרבעטער, און זיי וועלן פירן איבערן וועג ניט קיין האַרמאַטן, נאָר מאַשינען.

און דערדאָזיקער וועג וועט ניט זײַן קיין הוילער וועג אין הוילער וויסטעניש. ער וועט אַרומגעוואַקסן ווערן מיט פעלדער, סעדער, אַרץ־גרובן, מיט שטעט און זאַוואָדן.

# וואַסער אין דער וויסטעניש.

וואָס־זשע דאַרף מען אָפּ דערוף, אַז די וויסטע־ניש זאָל ווערן אויס וויסטעניש? פריִער פאַר אַלץ דאַרף מען האָבן וואַסער.

די וויסטעניש פאַרמאָגט דאַפקע וואַסער. די זאַמדן פאַרהיטן די וואַסער פון די זונען־שטראַלן, לאָזן זי ניט אויסטריקענען, זיך אויסדאַמפן. ווען עס וואָלט ניט געווען קיין וואַסער אינעם זאַמד,—וואָלטן ניט געווען אויך קיין גראָזן, קיין קוסטעס, קיין ביי־מער, וואָס וואַקסן אויפן זאַמד.

אָבער וואַסער איז פאַראַן ווייניק. עס איז אַ מאַנגל אין וואַסער.

אין דער וויסטעניש איז דאָך הייס און טרוקן. עס טרעפט אַמאָל, אַז פאַרן גאַנצן זומער פאַלט ניט אויס קיין איין טראָפּן רעגן. די לופט איז אַזוי טרוקן, אַז פאַר איין טאָג ווערט פון אַ פריש ברויט אַ פאַרדאַר־טער סוכער. אַ צייַטונג, וואָס מע האָט געבראַכט אינדערפרי, טריקנט אויס צו אָוונט אַזוי, אַז זי ברעכט זיך אויף שטיקער.

וואַסער פעלט אויס, מע מוז זי אָפּהיטן, יעדן טראָפּן האַלטן אויפן אויג.

די וואַסער היטן אָפּ ניט נאָר די מענטשן, נאָר אויך די בעלעכאַיִמ און געוויקסן. דער מאַנגל אין וואַסער מערקט זיך אין אַלצדינג. איבער דעם, וואָס אין דער וויסטעניש איז ווייניק וואַסער, איז דאָרט

אלץ ניט אזוי, ווי אין אנדערע ערטער. ניט אזוינע טײַכן, ניט אזוינע אָזערעס, ניט אזוינע בײמער, ניט אזוינע באַלעכאַיִם.

אין דער וויסטעניש זײַנען די וואָלקנס אָן רעגנס. עס טרעפט, אז עס שווימט אָן א שווארצער וואָלקן. אַט־אָט וועט א גאָס טאָן א רעגן, וועט זיך אויס־גיסן אפן צעגליטן זאמד, נאָר די לופט אין דער וויסטעניש איז אזוי טרוקן און הייס, אז דער רעגן טריקנט אײַנדערהייך און באַווײַזט ניט אראָפּצופאלן אפּ דער ערד.

אין דער וויסטעניש זײַנען די טײַכן אָן לעפּצונ־גען. טײַכן, וואָס גייען פארלוירן אין די זאמדן, טײַכן, וואָס פליסן ארײַן ניט אין א וואסער־יאם, נאָר אין א זאמד־יאם. דידאָזיקע טײַכן לעבן נאָר פרילינג־צײַט, אום זומער טריקענען זיי אויס.

אין דער וויסטעניש זײַנען די אָזערעס אָן וואַ־סער. די אָזערע איז ווי א הייסע סקאָווערעדע. פארן זומער דאמפט זיך אויס די וואסער אין דער לופט, עס בלײַבט בלויז זאלץ, א בלענדיק־ווײַסער קרײַז זאלץ. די זאלץ גלאנצט, און פונדערווײַטן ווײַזט זיך אויס, אז דאָס איז ניט קיין זאלץ, נאָר וואסער. אָבער אי־בער אָט דער „וואסער” פאָרט מען אפּ קעמלען און מע נעצט אפילע ניט אײַן די פיס.

אין דער וויסטעניש זײַנען די וועלדער אָן שאָטן. יעדער בוים מוז האָבן א שאָטן, און דער בוים פון דער וויסטעניש—דער סאקסאול—האָט ניט קיין

שאָטן. פֿון דער זון וועסטו זיך אונטער אַזאַ בוים ניט באַהאַלטן. אינעם געדיכטסטן וואַלד בריט די זון, ווי אין אַן אָפֿן אָרט. פֿאַרוואָס־זשע איז אינעם וואַלד ניטאָ קיין שאָטן? דערפֿאַר, וואָס אויף די ביי־מער איז ניטאָ קיין בלעטער. דער סאַקסאַול האָט ניט קיין גרינע בלעטער. די צווייַגן זייַנע זייַנען גרינע, הוילע גרינע צווייַגן. אָבער פֿאַרוואָס איז ניטאָ קיין בלעטער? דערפֿאַר, ווייַל בלעטער אין דער וויסטעניש איז צו אַ גרויסער לוקסוס. יעדער בלעטער־בוים — אַ בערעזע, אַ שטייגער, — וואָלט אין דער וויסטעניש ניט געבליבן לעבן. אָן אַ שיר בלעטער האָט אַ בערעזע — און יעדער בלאַט דאַמפֿט אויס וואַסער. פֿאַר אַ מעסלעס באַדאַרף אַ בערעזע 30 עמער וואַסער, — אַזויפֿיל, וויפֿל עס באַ־דאַרפֿן פֿינף קי, — דערפֿאַר טאַקע האָט די בערעזע ליב פֿייַכטע קילע ערטער. און אין דער וויסטעניש איז הייס און טרוקן. אין דער וויסטעניש דאַרף מען אָפּהיטן די וואַסער. דעריבער מוזן די ביימער לעבן אָן בלעטער.

פֿאַר אַסאַך טויזנטער יאָרן האָבן זיך די ביימער צוגעפּאַסט צו דער וויסטעניש. עס זייַנען לעבן גע־בליבן בלויז די, וואָס פֿלעגן אויסברענגען ווייניקער וואַסער, בלויז די, וועלכע האָבן אָפּגעהיט די וואַ־סער. און ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייַט, אַז די ביימער פֿון דער וויסטעניש האָבן מוירע פֿאַר וואַסער. דער סאַקסאַול קומט אום, אויב מע באַגיסט אים מיט וואַסער.

אינ איינ אָרט האָט א טײַכ אפּ א קורצער צײַט פארגאָסנ א סאקסאול־וואלד. די וואסער איז אוועק, נאָר דער וואלד איז אומגעקומענ. עס איז געבּליבּנ אנ אומגעהייערער בּייסוילעמ פונ בּיימער. די בּיימער זײַנענ אומגעפאלנ אונ האָבּנ פארדעקט די ערד מיט הונדערטער טויטע שטאמענ. זיי זײַנענ אומגעקומענ, ווי א מענטש, וועלכער האָט לאנג געהונגערט, אונ וועלכנ מע האָט מיטאמאָל געגעבּנ צופיל שפּײַז.

די וויסטעניש האָט איבּערגעמאכט די געוויקסנ, זי האָט איבּערגעמאכט אויכ די בּאלעכאַימ.

עס זײַנענ פאראנ אינ דער וויסטעניש אָזערעס, אינ וועלכע עס לעבּנ פּיש מיט לונגענ. ווענ אינ אָזערע איז פאראנ אסאכ וואסער, אָטעמענ די פּיש מיט זשאבּרעס. ווענ די אָזערע טריקנט אָבּער אויס, אונ אינעמ געדיכטנ זאלציקנ זומפּ ווערט שווער צו אָטעמענ, קלײַבּנ זיכ די פּיש ארויס אפּ אויבּנ אונ אָטעמענ מיט די לונגענ.

אונ שלענג, וואָס שווימענ אינ זאמד, ווי אינ וואַ־סער? אזוינע שלענג זײַנענ פאראנ נאָר אינ דער וויסטעניש. אונ דער קעמל? מע זעט גלײַכ, אז דאָס איז א בּאלכײַ פונ דער וויסטעניש. די וויסטעניש האָט אימ אָפּגעפּארבּט אינ איר קאָליר. די געלע וואָל מאכט דעמ קעמל אומבּאמערקלעכ אונ ראטעוועט אימ פונ די פײַנט. אינ דער וויסטעניש איז דאָ ווייניק וואסער, אונ עס בּלײַבּנ לעבּנ נאָר אזוינע בּאלע־כאַימ, וועלכע קענענ זיכ לאנג בּאגיינ אָנ וואסער.

אין דער נאַטור הענגט אָפּ אײנס פונעם צװײטן, װי אין אַ מאַטעמאַטישער אױפגאַבע. פּרוּװט ענדערן אײן באַדינג, און דער ענטפער װעט זײַן גאָר אַן אַנדערער. אין ערגעץ זעט עס זיך ניט אָן אַזױ קלאָר, װי אין דער װיסטעניש. אין דער װיסטעניש איז פאַראַן װײניק װאַסער, און דערפון ענדערט זיך די גאַנצע נאַטור פון דער װיסטעניש. אי די געװיקסן זײַנען דאָרט אַנדערע, אי די באַלעכאַיִים אַנדערע, אי די מענטשן לעבן דאָרט אַנדערש. זומער, װען עס טריקענען אױס אין דער װיסטעניש די טײַכן, װען די װאַסער װערט געזאַלצן, װען ס'ברענען אױס די גראָזן — אַנטלױפט דער מענטש אין די בערג. ער לױפט מיט אַלץ, װאָס ער פאַרמאָגט: מיט דער פאַמיליע, מיט די טשערעדעס, מיט די הײַזער.

צי זײַנען די װאַנדער־מענטשן ניט ענלעך צו הײמלאָזע?

עס גײען, עס װיגן זיך די קעמלען. די קינדער װײנען באַ די מוטערס אױף די הענט. פון בײדע זײַטן װעג לױפן די שאָף. די מאַנצבלען רײַטן אױף פערד, טרײַבן אונטער די אָפּגעשטאַנענע. עס דוכט זיך, אַז אַ גאַנצע פאָלק האָט זיך אױפגעהױבן פון אָרט און אַנטלױפט פונעם גרײַפנדיקן פײַנט.

און אָט אַזאַ מין אַנטלױפן, װאָס כאַזערט זיך אי־בער אַלע יאָר, װערט אָנגערופן אינעם לערנבוך פאַר געאָגראַפיע — „נאָמאַדן־לעבן".

אַ שװער לעבן. עס איז ניט זיס אַזױ צו לעבן.

אויב מיר ווילן אומענדערן דאָסדאָזיקע לעבן, דארפן מיר פארשטיין, פון וואָס עס הענגט אָפּ. די באַטור פון דער וויסטעניש איז ניט אזא, ווי אין אנ־דערע ערטער, ווייל אין דער וויסטעניש איז דאָ ווייניק וואסער. און אָט דאָס איז דער באדינג, איבער וועלכן דער „ענטפער" פון דער אופגאבע באקומט זיך ניט אזא, ווי מיר באדארפן.

לאָמיר ענדערן דעמדאָזיקן באדינג, געבן דער וויסטעניש וואסער — און אלץ וועט ווערן אנדערש: אנדערע וועלדער, אנדערע גראַזן, אן אנדער קלי־מאט, אן אנדער לעבן בא די מענטשן.

## דער ווינט וועט העלפן.

וואסער איז אין דער וויסטעניש פאראן. צווישן די צעגליטע זאמדן, אין דער שטארקסטער היץ, קען מען פונדעסטוועגן קריגן וואסער. אויב מע זאָל אויסגראָבן א ברונעם, וועט זיין וואסער. די נאָמאדן ווייסן עס, און דעריבער איז א ברונעם אין דער וויסטעניש גאָר ניט אזא זעלטנקייט. א ליימענער וואסער־באסיין, א בלאָק מיט א שטריק, א לעדער־נער עמער. דער קעמל שלעפט דעם שטריק, דער עמער הייבט זיך אוף, די וואסער גיסט זיך אויס אי־נעם באסיין, און פונעם באסיין גיסט זיך די וואסער דורך א טרויב אין א גרויסער הילצערנער קאָרעטע, — דער קעמל פויעט די שאָפּ. לעבן דער קאָרעטע

שטופּן זיך די שאָפּ, זיי שטופּן אָפּ איינס דאָס אַנדערע, אַפּ גיכער זיך צוכאַפּן צו דער וואַסער, באַנעצן דעם איבערגעטריקנטן גאָרגל.

נאָר אויב מע נעמט וואַסער אַפּ טרינקען, פאַר־וואָס־זשע זאָל מען ניט נעמען קיין וואַסער פאַר די גערטנער און פעלדער, פאַרוואָס זאָל מען אָנשטאָט די קעמלען ניט אָוועקשטעלן לעבן די ברונעמער קיין באַוועגערס און פּאָמפּעס?

מע דאַרף האָבן ענערגיע פאַר די באַוועגערס?

ענערגיע וועט ניט פעלן. צי קען דען אויספעלן ענערגיע דאָרטן, ווו דער ווינט רייסט אויס א געצעלט און פאַרטראָגט אים אַפּ הונדערטער מעטערס? אַניט קען אויספעלן ענערגיע דאָרט, ווו דער ווינט הייבט אוף גאַנצע כמאַרעס שטויב אַפּ א קילאָמעטער אין־דערהייך און פאַרשפּרייט אַלץ אַרום־און־אַרום מיט א טרוקענעם נעפּל? די זון ווערט דאַן געל און טונקל, ווי די לעוואָנע, דער טאָג זעט אויס, ווי די נאַכט.

און די זאַמדיקע כוואַליעס — באַרכאַנעס, — וואָס דער ווינט יאָגט אַהין־און־צוריק איבער דער וויס־טעניש! עס זיינען פאַראַנען באַרכאַנעס ביז פופציק מעטער די הייך. אַן עמעסער זאַמדיקער באַרג! און אָט אַזאַ מין באַרג יאָגט דער ווינט איבער דער וויס־טעניש. וויפל ענערגיע מע דאַרף האָבן אַפּ דעם!

אָבער דידאָזיקע ענערגיע גייט פאַרלוירן אין דער וויסטעניש. זי ווערט צעשטויבט, געפּאַטערט אומזיסט

אונ אומנישט. אונ אונדזער זאכ איז — געבנ דעמ ווינט אײַזערנע פליגל. זאָל ער ארבעטנ מיט פליגל, זומער־צײַט ארויסבאקומענ וואסער, אונ ווינטער־צײַט — עלעקטרישע שײַנ.

ס׳וועלנ פארבײַגײַנ עטלעכע יאָר — אונ אינ דער וויסטעניש וועלנ אויסוואקסנ באפליגלטע טורעמס. אונ צופוסנס בא די טורעמס וועלנ זײַנ הײַזער אונ סעדער, פעלדער אונ גערטנער.

אָט אזוי וועלנ מיר צווינגענ דעמ ווינט איבערצו־מאכנ פונ אונדזערטוועגנ די וויסטעניש.

דער ווינט האָט געבויט די וויסטעניש. דאָס האָט ער געבראכט צו טראָגנ זאמד פונ די טײַכ־אָנפלייצנ. דאָס האָט ער אָנגעהויפנט דעמ זאמד אונ די זאמדיקע כוואליעס — בארכאנעס. איז זאָל ער איצט איבערבויענ די וויסטעניש פונ אונדזערטוועגנ אונ לויט אונדזער פלאנ.

אָט אינ דערינ באשטייט טאקע אונדזער מאכט איבער דער נאטור, וואָס מיר האָבנ זיכ אויסגעלערנט זי איבערצומאכנ, אויסנוצנדיק דערבײַ אירע אייגע־נע קויכעס.

## די זונ וועט העלפנ.

דער ווינט איז א גרויסע קראפט. די זונ איז אָבער נאָכ שטארקער. עס וואָלט דאָכ קיינ ווינט אויכ ניט געווענ, ווענ די זונ זאָל ניט אָנווארעמענ

די לופט. די לופט איבער דער הייסער וויסטעניש איז, ווי איבער א הייסער פּליטע. זי הייבט זיך אויף ארויף־צו און עפנט א וועג פאר די לופט־שטראָמען פון צאָפן.

אָט אזוי באשאפט די זון אין דער וויסטעניש דעם ווינט. און אויב מע באדארף ענערגיע, איז פארוואָס זאָל מען ניט נעמען דאָרט, וווּ זי איז פאַראַנען אמיינסטן — בא דער זון?

מיט וואָס פאר א מילדקייט גיט אָפּ די זון איר ענערגיע דער וויסטעניש! אין דער וויסטעניש באַקומט יעדער קוואדראט־מעטער א קילאָוואט, מער פון איין פערד־קראפט. אום האלבן טאָג קען מען זיך מיט קיין הוילער האנט ניט צורירן צום זאמד — מע קען זיך אָפּבריען.

אָבער ווי אזוי זאָל מען זי נעמען, אָט די ענער־גיע, וואָס איז אזויפיל פאראנען אין דער וויסטעניש? ווי אזוי זאָל מען אריינפּאקן די זון־שטראלן, צונויפ־זאמלען זיי און צווינגען צו ארבעטן? צי זיינען פאראן פאסטקעס פאר זון־שטראלן?

זיי זיינען פאראנען. און דאָס איז גאָר ניט קיין שווערע זאך — א פאסטקע פאר דער זון.

ווי אזוי איז געמאכט יעדער פאסטקע? זי איז גע־מאכט אזוי, אז זי זאָל אריינלאָזן און ניט ארויסלאָזן צוריק.

א גלעזערן קעסטל — א פארניק, אין וועלכן עס צייטיקן זיך אוגעריקעס אָדער רעדיסן, — אָט דאָס

טאקע איז די פאסטקע פאר דער זון. גלאָז לאָזט דורך קימאט אלע שטראלן, אָבער אף ארויסלאָזן שטראלן איז דאָס גלאָז א גרויסער איבערקלײַבער. די סאמע הייסע שטראלן בלײַבן אינעווייניק. און דע־ריבער טאקע קענ מען אינעם פארניק אויסכאָוועז אוגערקעס, בייס אינ גאס ליגט נאָך דער שניי. אינ גאס איז מארט, און אינ פארניק איז יול.

קעדיי אינ דער פאסטקע זאָלן ארײַנפאלן ניט נאָר די שטראלן, וואָס גייען אליינ אינ איר, נאָר אויך די, וואָס גייען פארבײַ, דארפ מען צו דער פאסטקע צושטעלן א שפיגל — און מיטן שפיגל פאר־טרײַבן אינ איר די זונ־שטראלן.

אָט אזוי קענ מען פון די איינפאכסטע זאכן — א פארניק, א שפיגל — שאפן א נײַע זאך, א זונ־אויוון, אזא אויוון, וואָס באדארפ ניט קיינ האָלץ, ניט קיינ קוילן.

הייסט עס — וועלן מיר קענען פאנגען זונ־שטראלן. די זונ וואָרעמט אָן די זאמדן אינ דער וויסטעניש ביז 80 גראדוס, און אינעם זונ־אויוון קענען מיר באקומען א טעמפעראטור אינ צוויי אָדער אפילע דרײַ מאָל העכער.

אָבער ארײַנפאנגען די זונ־שטראלן — דאָס איז בלויז א האלבע ארבעט. וויאזוי זאָל מען די זונ אונ־טערטעניקן, זי צווינגען צו ארבעטן אף אונדז?

לאָמיר ארײַנשטעלן אינעווייניק אינעם זונ־אויוון א דאמפ־קעסל — און מיר וועלן אָן שום הייצוואַרג,

ניט אויסגעבנדיק קיין איין קילאָגראַם קוילן, באַקומען דאַמפּ פאַר אונדזערע דאַמפּ־מאַשינעס. נו, און אויב עס וועלן אַרבעטן די מאַשינעס, וועלן שוין אויך אַרבעטן די פּאָמפּעס, און די וואַסער, וואָס האָט זיך באַהאַלטן פון דער זון אין דער טיף פון די זאַמדן, וועט פליסן איבער די טרויבן, זשאָלאָבן און קאַנאַלן און באַוואַסערן די פעלדער, שטילן דעם דאָרשט פון די געוויקסן־וואָרצלען.

צי זײַנען שוין פאַראַן זון־אויוונס און זון־סטאַנציעס ?

אין יעגיפּעט, לעבן דער שטאָט קאַיר, אַרבעט אַ זון־סטאַנציע אויף 50 פערד־קראַפט. זי באַוואַסערט 200 העקטאַר ביימוואָל־פּלאַנטאַציעס. עס זײַנען פאַראַן עטלעכע זון־אינסטאַלאַציעס אין טוניס און אַלזשיר. אין קאַליפאָרניע קען מען אָפט זען אויף די דעכער פון די הײַזער אַ פּלאַך קעסטל פון אַ זון־אונטערוואַרעמער. די זון וואַרעמט וואַסער פאַר דער וואַנע, פאַר דער קיך, פאַר דער וועשערײַ.

בײַ אונדז זײַנען אויך דאָ זון־אינסטאַליאַציעס. אויף די טשעלעקאַנער נאַפט־גרובן זײַנען אויסגעבויט זון־אינסטאַליאַציעס, וואָס קריגן אַרויס פון דער געזאַלצענער יאַם־וואַסער זיסע וואַסער. אויף די קאַראַבוגאַזער פּאַנאַנדעראַרבעטונגען ווערט געשטעלט אַ זוניקער אַנטוואַסערער אויף צו באַזײַטיקן די וואַסער פונעם מיראַביליט. אין קאַפּלאַנבעק, לעבן טאַשקענט, אַרבעטן זון־אויפּזידערס. אַ ספּעציעלער זון־אינסטי־

טוט, דער העליאָטעכנישער אינסטיטוט פון דער וויסנ־שאַפט־אַקאַדעמיע, פירט דורך פּרוּוונ אינ סאַמאַר־קאַנד. אינ לענינגראַד אַרבעטנ איבער דערדאָזיקער אויפגאַבע די געלערנטע פונ דעמ פיזיש־טעכנישנ אינסטיטוט.

אינ איינער פונ די לאַבאָראַטאָריעס פונעמ אינ־סטיטוט האָב איכ געזענ אַ קליינינקנ מאַכשיר — אַ פאָטאָ־עלעמענט. אַ מעטאַלנ פּלעטל, סאַכאַקל איינ קוואַדראַט־דעצימעטער די גרייס, ברענגט אינ באַוועגונג אַנ עלעקטריש מאָטאָרל. אונ צוליב דעמ איז ניי־טיק בלויז איינס — אַז דאָס פּלעטל זאָל זיינ באַ־לויכטנ פונ גראָדער זונ־שיינ. דאָ פאַרוואַנדלט זיכ די זונ־ענערגיע מיטאַמאָל — אָנ שום דאַמפּ־קעסלענ אונ מאַשינעס — אינ דער ענערגיע פונ עלעקטרישנ שטראָמ.

דערווייל איז דאָס נאָכ אַ שפּילעכל. פונ דער גאַנצער זונ־ענערגיע, וואָס פאַלט אויפנ פּלעטל, ווערט פאַרוואַנדלט אינ דער ענערגיע פונעמ שטראָמ דער־ווייל ווייניקער פונ אַ הונדערטכיילעק. נאָר פונעמ שפּילעכל וועלנ מיט דער צייט אויסוואַקסנ מעכטיקע זונ־באַוועגערס. אונ אָט איבער דערדאָזיקער שווע־רער אויפגאַבע אַרבעט מענ אינעמ פיזיש־טעכנישנ אינסטיטוט.

עס וועט קומענ אַ צייט, ווענ די זונ, וואָס איז ביז איצט געווענ אַ פיינט פונעמ מענטשנ אינ דער וויס־טעניש, וועט ווערנ זיינ פריינט.

די זונ וועט באוואסערנ די פעלדער, די זונ וועט געבנ די מענטשנ וואסער צומ טרינקענ. די זונ וועט ארבעטנ אפ די זאוואָדנ אונ געווערבנ, זי וועט אויס־שמעלצנ שוועבל, אויסדאמפנ וואסער, אופזידנ צע־לאָזנ, אָפּזעצנ זאלצנ. די זונ וועט ארויסבאקומענ פאר די מענטשנ קעלט אינ די אָפּקיל־מאשינעס, — עס זײַנענ דאָכ פאראנענ אזוינע מאשינעס אויכ! קעדיי צו מאכנ אינ דער וויסטעניש אײַז, דארפ מענ האָבנ ענערגיע, אונ ענערגיע וועט געבנ די זונ.

דער מענטש וועט צווינגענ די זונ, וואָס גיט היצ, צו געבנ אויכ קעלט.

## די בערג וועלנ העלפנ.

די זונ אונ דער ווינט וועלנ אונדז העלפנ ארויס־צובאקומענ וואסער פונ די זאמדנ. אונ דאָכ וועט אויספעלנ וואסער. דער סכומ וואסער אינ דער וויס־טעניש איז קלענער, איידער דער שעטעכ ערד, וואָס דארפ באוואסערט ווערנ.

פונוואנענ־זשע זאָל מענ נעמענ די פעלנדיקע וואסער?

וואסער איז דאָ — אונ גאָר נאָענט, לעבנ דער וויסטעניש.

הויכ איבער די וויסטענישנ פונ מיטל־אזיע, צו דאָ־רעמ, הייבנ זיכ אופ בערג. מיט די ווײַסע שפּיצנ גייענ זיי אוועק אינ אנדערע קאנטנ, אינ אנ אנדער קלי־

מאט, אין דעם קלימאט פון די פּאָליארישע לענדער. אונטן אין דער וויסטעניש איז א היץ, קיין טראָפּן רעגן פארן גאנצן זומער, — און דערנעבן אין די בערג איז שניי, אײַז און שניי־שטורעמס.

גרענלאנדיע באַנאַנד מיט סאכארע!

וויאזוי־זשע זאָל מען מיט דערדאָזיקער קעלט אָפּקילן די וויסטעניש, וויאזוי זאָל מען מיט דער קאלטער בארגיקער וואסער אָנשפּײַזן דעם הייסן זאמד?

מע דארף דורכלייגן א וועג פאר דער בארגיקער וואסער צו דער וויסטעניש.

נאָר די וואסער האָט זיך שוין אליין דורכגעלייגט וועגן. צענדליקער שטראָמען גראָבן זיך וועגן אין די בערג, שלאָגן זיך דורך אראָפּ־צו. אָבער ניט אלע פריי־לינג־שטראָמען גיט זיך איין צו דערפירן זייערע וואסערן ביז צו די גרויסע טײַכן און אָזערעס פון דער וויסטעניש. אסאך פון זיי ווערן פארפאלן באַם ארויס־גיין פון די בארג-שפּאלטן: די וואסער גייט אוועק אין דער ערד, און אין מײַ כוידעש בלײַבט ניט קיין איין טראָפּן אין די איבערגעטריקנטע טײַכ־בעטן.

וואָס־זשע זאָלן מיר טאָן? טאקע אזוי דערלויבן דער וואסער צו פארפאלן גיין אומזיסט, בייס אלע באדארפן אזוי נייטיק וואסער?

ניין, מיר דארפן פאקן די שניי־וואסערן בא די ארויסגענג פון די בערג, פארצוימען זיי מיט הרעב־

ליעס, אויסבּויענ אינ די בּערג נײַע אָזערעס — וואסער־בּאסײַנענ. אונ זומער־צײַט, ווענ מירנ דארפנ וואסער וועלנ מיר זי ווענדנ פונ די נײַע אָזערעס אפ אונדזערע פעלדער.

צוויי גרויסע טײַכנ שנײַדנ איבּער די וויסטעניש: די אמו־דאריא אונ סיר־דאריא. פונ פארצײַטנ לעבּנ מענטשנ בּא אָט די טײַכ־בּרעגנ. טויזנטער יאָרנ ארבּעטנ דאָרט ערדארבּעטער. דאָ איז פאראנ וואסער — דאָס, וואָס עס פעלט אזוי דער וויסטעניש. צי האָבּנ אָבּער די מענטשנ אָפּגעקעמפט אסאכ ערד בּא דער וויסטעניש? נײַנ, פאר טויזנטער יאָרנ האָט זיכ די מענטשנ אײַנגעגעבּנ אויסצוקעמפנ בּלויז שמאָלינקע פאסיקלעכ ערד. די ווערטיקסטע בּאָדנס, אפ וועלכע מע וואָלט געקענט בּאארבּעטנ די בּעסטע סאָרטנ בּוימוואָל, ווו עס וואָלטנ געקענט זײַנ ווײַנגערטנער, — דידאָזיקע בּאָדנס זײַנענ נאָכ אלצ ניט בּאוואסערט אונ פוסטעווענ, אונ די טײַכנ, צונויפגעפּרעסט פונ בּיידע זײַטנ דורכ וויסטענישנ, טראָגנ אומנוציק זייערע וואסערנ אינעמ אראלער יאמ.

מע דארפ העלפנ די ערדארבּעטער, וואָס וווינענ בּא די בּרעגנ פונ דידאָזיקע טײַכנ, צו אָנהייבּנ ארבּעטנ אפ א נײַעמ אויפנ. וואָרעמ וויאזוי האָבּנ זיי געארבּעט אָט די אלע טויזנטער יאָרנ? זיי האָבּנ געארבּעט בּלינד. יעדערער האָט זיכ געהאט זײַנ ציל, זײַנ אויפגאבּע, אָבּער קיינ אלגעמיינער ציל, קיינ אלגעמיינע אויפגאבּע, קיינ אלגעמיינער פלאנ איז בּא זיי

ניט געווען. צו וואָס־זשע האָט געפירט אזא מין אר־בעט?

צו דעם, אז די מענטשן האָבן ניט נאָר געשאפן אָאזיסן, נאָר זיי האָבן זיי אויך כאָרעוו געמאכט, זיי האָבן ניט נאָר געבויט, נאָר אויך רויִנירט. עס איז אויסגעקומען אזוי, גלײַך ס׳וואָלטן געארבעט ניט מענטשן, נאָר בלינדע קרעפטן פון דער נאטור.

וויפל אומגעבראכטע, פארלאָזטע פעלדער זײַנען פאראנען בא די ברעגן פון די טײַכן אין מיטל-אזיע! מע האָט דורכגעפירט אין די פעלדער אריקן— באוואסער־קאנאלן, און וועגן אָפפירן די וואסער פון די פעלדער האָט מען ניט געקלערט. די וואסער פלעג ווערן שטייענדיק, עס האָבן זיך געשאפן זומפן. און דאָרט, ווו די שטייענדיקע וואסער האָט זיך אויסגעדאמפט, זײַנען אין דעם באָדן געבליבן די זאלצן, וואָס די וואסער האָט געבראכט, דער באָדן איז געוואָרן זאלציק און האָט שוין ניט געטויגט. די פעלדער האָבן זיך פארוואנדלט אין זאלץ־באָדנס.

ווער פלעג שאפן דידאָזיקע זומפן און זאלץ־באָדנס?

דער מענטש אליין.

און דערנאָך האָט ער געמוזט פארלאָזן די פעלדער, פארלאָזן די הויפן, איבערוואנדערן אפ נײַע ערדן.

אין די אייבערשטע פלוסן פון די טײַכן איז גע־ווען צופיל וואסער, די וואסער פלעג פארגיסן די פעלדער, און זיי האָבן זיך פארוואנדלט אין זומפן.

און אין אונטערשטן פלוס האָט ניט געקקעקט קיין וואסער. די אריקן, וואָס זײַנען מיט גאָרנישט ניט געווען פארפעסטיקט, האָבן דורכגעלאָזט די וואסער, ווי א רעשעטע, און אפן וועג צום אונטערשטן פלוס פלעג די וואסער פארלוירן גיין אין דער ניט־אײַנגעאָרדנטער נעץ פון אריקן, זי איז אוועק אין באָדן און איז ניט אָנגעקומען צו די פעלדער. די אריקן פלעגן רויִנירט ווערן, פארפלייצט ווערן מיט שלאם. מע האָט זיי די גאנצע צײַט געמוזט צורעכט מאכן און רייניקן. טויזנטער מענטשן זײַנען געווען פארנומען מיט אָט דער שווערער ארבעט, האָבן געארבעט שיר ניט ביזן האלדז אין וואסער. די מאכט איבער דער וואסער האָבן געהאט די „וואסער־באאמטע". באשטימען פלעג זיי די נאטשאלסטווע, די נאטשאלסטווע האָט זיי אָבער קיין געלט ניט געצאָלט, צאָלן האָט געדארפט די באפעלקערונג. און דעריבער פלעגן די „וואסער־באאמטע" געבן וואסער דעם, ווער עס איז געווען רײַכער.

איצט ארבעט מען אין מיטל־אזיע גאָר אנדערש. אָנשטאָט קליינע באציִרקן זײַנען דאָרט הײַנט גרויסע פעלדער פון די קאָלווירטן. אָנשטאָט האנט־געצײַג — מאשינעס. דער פלאן און די וויסנשאפט רעגירן דאָרט, ווו מע פלעג ארבעטן אינדערבלינד, לויט די מינהאָגים פון די עלטערזיידעס.

עס זײַנען אויסגעבויט געוואָרן אסאך נײַע קאַנאלן — קינסטלעכע טײַכן און טײַכלעך — מיט ברעגן

און דעקן פון קינסטלעכן שטיינ—בעטאָן. אָנשטאָט דער ניט־איינגעאָרדנטער נעץ פון אריקן ווערט גע־שאפן א רעגלמעסיקע באוואסערונג־נעץ. פארן ערשטן פינפיאָר זײַנען אין די בוימוואָל־ראַיאָנען פון אוז־בעקיסטאן באוואסערט געוואָרן זעקס מיט א האלבן טויזנט קוואדראט־קילאָמעטער.

## מיר וועלן אופלעבן די טויטע טײַכן.

די אוראלטע נעץ פון אריקן דארפן מיר פאר־בײַטן מיט א רעגלמעסיקער באוואסערונג־נעץ.

עס זײַנען אָבער פאראנען ערטער, ווו מע וועט ניט דארפן גראָבן קיין קאנאלן. די וואסער וועט אליין גיין, וווהין מע דארף,— מע דארף בלויז אויסבויען הרעבליעס.

מיט אסאך טויזנטער יאָרן צוריק זײַנען אין מיטל־אזיע געווען מער טײַכן, איידער איצט. מעכטיקע שטראָמען, וואָס זײַנען ארויסגעפלאָסן פון אונטער די גלעטשערס, האָבן געטראָגן אין דער וויסטעניש שלאַם, שטיינדלעך, זאמד. די טײַכן האָבן אויסגע־טריקנט, אָבער די טײַך־אָנפלייצן זײַנען געבליבן, עס איז געבליבן א פרוכטבארער באָדן.

אין אָט די אלטע טײַך־בעטן, אין אָט די טויטע טײַכן קענען מיר ריכטן די וואסער פון יענע טײַכן, וואָס זײַנען געבליבן לעבן. לאָמיר ניט לאָזן די וואסער אומנוציק אוועקגיין פון די טײַכן אינעם

אראלער יאמ. זאָל זי זיך פאנאנדערגיסנ איבער די אלטע בעטנ, אופלעבנ די טויטע טײַכנ. אונ אפ די ברעגנ פונ דידאָזיקע אופגעלעבטע טײַכנ וועלנ מיר באשאפנ נײַע אָאזיסנ.

מיר וועלנ אויסקעמפנ בא דער וויסטעניש נײַע טויזנטער העקטארנ.

## אינ דער וויסטעניש קומט פאָר א מילכאָמע.

אינ דער וויסטעניש קארא־קומי, אפנ לינקנ ברעג פונ אמו־דאריא, גרײַפנ אָנ די זאמדנ אפ א פראָצענט פונ 250 קילאָמעטער. די אײַנוווינער טרעטנ אָפּ אונ לאָזנ איבער אינ דער מאכט פונ די זאמדנ די הויפנ זייערע, בוימוואָל־פעלדער, ווײַנגערטנער. אינ אסאך ערטער פארשיטנ די זאמדנ די וועגנ.

אינ דער וויסטעניש קיזיל־קומי גרײַפנ אָנ די זאמדנ אפנ בוכארער אָאזיס אפ א פראָצענט פונ 50 קילאָמעטער.

דעמ אָאזיס קארא־קול האָבנ די זאמדנ קימאט אינגאנצנ פארכאפט.

די זאמדנ דראָענ די ליניעס פונ די אײַזנבאנענ אונ די באוואסער־קאנאלנ.

אינ דער וויסטעניש קארא־קומי האָבנ די זאמדנ פארשאָטנ דעמ וועג, וואָס פירט צומ שוועבל־זאוואָד, אונ האָבנ צײַטווײַליק אָפגעשטעלט דעמ אווטאָמאָ־בילנ־פארקער.

אפ די פאנאנדעראַרבעטונגען באַם אויסגוס קאַ־ראַ־בוגאַז האָבן די זאַמדן צעשעדיקט די לאַגערן פונעם ווערטפולן כעמישן רויוואַרג — מיראַביליט.

דער קאַמפ גייט, אָבער עס איז נייטיק הילף, עס איז נייטיק שטיצע.

די סאַמע ווערטפולע ערדן זײַנען אין א געפאַר. דער בוכאַרער אָאַזיס וועט פאַרשאָטן ווערן דורך די זאַמדן פון קיזיל־קומי, אויב מע וועט זיי באַצײַטנס ניט אָפּשטעלן. די סטעפּעס פון סעדער און פעלדער צופוסנס פון קאָפּעט־דאַג וועט פאַרשאָטן ווערן, אויב מע וועט ניט געבן קיין ווידערשטאַנד די זאַמדן פון קאַראַ־קומי.

די רײַזנדער האָבן ניט איינמאָל געפונען אין דער וויסטעניש טויטע שטעט — כורוועס פון שטעט, וואָס זײַנען פאַרשאָטן געוואָרן דורך די זאַמדן און שוין לאַנג פאַרלאָזט געוואָרן דורך די אײַנוווינער. און אַזאַ גורל דראָט אויך די לעבעדיקע שטעט און די לעבעדיקע אָאַזיסן.

מיט גוואַלדיקע כוואַליעס — באַרכאַנעס ביז 10 מעטער די הייך, און אָפּטמאָל אפילו ביז 50 מעטער, גרײַפט אָן דער זאַמד. עס גייט א זאַמדיקער באַרג. ווער וועט אים אָפּשטעלן? ער באַגעגנט א הויז — פאַרשיט ער דאָס הויז, עס טרעפט זיך א בוים — פאַר־שיט ער דעם בוים. די ערשטע קומען אום די אַב־ריקאָסן און די פערשקעס, ווען דער זאַמד דער־גייט ביז א דריטל פונעם שטאַם. לענגער פון אַלע

האלט זיכ דער בוימ קאראגאטש, נאָר פונ אימ בלײַבט אויכ נאָר א טרוקענער פעניאָק, ווענ עס גייט דורכ די זאמדיקע כוואליע. די מענטשנ פארלאָזנ די הויפנ אונ בויענ נײַע הײַזער ווײַטער פונ די זאמדנ. נאָר די זאמדנ גייענ זיי נאָכ אונ שטויסנ זיי ארויס פונ די נײַע הײַזער. ערטערווײַז זײַנענ אינ די קישלאקנ — די דערפער — צוויי רייענ הײַזער שוינ פארלאָזט, אונ דער זאמד גרײַפט אָנ אפ דער דריטער ריי.

וויאזוי זאָל מענ קעמפנ קעגנ דעמ זאמד?

די מענטשנ בויענ פארפעסטיקונגענ — הויכע ליימענע ווענט. אונ דאנ הייבט זיכ אָנ די באלאגערונג. דער זאמד טרעט צו צו דער פעסטונג, וואָס די מענטשנ האָבנ אויסגעבויט, אונ הייבט זיכ אופ אלצ העכער אונ העכער. אָט־אָט וועט ער אריבערפאלנ איבערנ ראנד פונ דער וואנט אונ וועט נעמענ די פעסטונג. אָבער די פארטיידיקערס פונ דער פעסטונג בויענ שוינ אופ איבער דער אלטער וואנט א נײַע. עס וואקסט די וואנט, — אָבער דער זאמדיקער בארג, וואָס גרײַפט אָנ אפ איר, וואקסט אויכ, אונ אָט איז שוינ די וואנט צעבראָכנ, עס איז דורכגעבראָכנ א לאָכ, אונ דער זאמד, וואָס האָט ניט קיינ אָפשטעל, פאלט ארונטער.

דער וועג צו די פעלדער אונ הויפנ איז געעפנט.

וויאזוי זאָל מענ אָפשטעלנ דעמ זאמד?

קעדיי אימ אָפצושטעלנ — דארפ מענ פריער פארשטיינ, פארוואָס ער גרײַפט אָנ, וואָס פארא קרעפטנ

עס האָבן אים געבראַכט אין באַוועגונג. אין דער וויס־טעניש זײַנען דאָך די זאַמדן ניט אומעטום אַף דער פרײַ. אין דער טיף פון וויסטעניש זײַנען זיי פאַר־וואַקסן מיט גראָזן און מיט קושטשעס און זיי ליגן רויִק אַף איין אָרט. די וואָרצלען פון די געוויקסן האַלטן זיי פעסט, ווי קייטן, און לאָזן זיי ניט פרײַ. און אָט גראָד דאָרט, וווּ עס האָבן זיך באַזעצט מענטשן,—לעבן באַוואַסערטע פעלדער, לעבן די ברונעמס, וווּ עס זאַמלען זיך די טשערעדעס,— דאָרט זײַנען די זאַמדן אַף דער פרײַ.

פאַרוואָס איז עס אַזוי? צי איז דאָס אַ צופאַל? ניין, ניט קיין צופאַל.

## ווער האָט באַפרײַט די זאַמדן?

דער מענטש אַליין האָט באַפרײַט די זאַמדן. דאָס האָט ער זיי אַרויסגעלאָזט אַף דער פרײַ. דאָס האָט ער צעריסן די קייט, וואָס האָט צונויפגעשמידט דעם פײַנט.

ווי־אַזוי־זשע איז דאָס געשען?

פון פאַרצײַטן פאַשען זיך צווישן די זאַמדן טשע־רעדעס שאָף. דאָס פּי עסט אוף די גראָזן, צעטאָפּ־טשעט מיט די פיס, צעבּרעכט דאָס דינע הײַטל פון דעם באָדן. און ווען די טשערעדעס גייען אַוועק, בלײַבט אַף דעם אָרט, וווּ עס זײַנען געווען גראָזן, הוילער צעגראָבענער זאַמד. און אָט דאָ הייבט זיך אָן די אַרבעט פון דעם ווינט. דער ווינט טרײַבט דעם

באפרײַטן זאמד איבער דער וויסטעניש, זאמלט אים צונויף אין כוואליעס־באַרכאנעס, הויפנט אים אוף אלץ העכער. און גרויזאמע געלע כוואליעס הייבן זיך שוין ביזן סאמע האָריזאָנט. עס דאכט, אז זיי זײַנען פארשטיינערט געוואָרן, נאָר זיי שטייען ניט אפ איין אָרט. זיי גייען לאנגזאם, אומבאמערקט פארן אויג, נאָר מאָרגן וועלן זיי שוין זײַן ווײַטער, איידער הײַנט. זיי גייען און פארשיטן די וועגן, די אקער־פעלדער, די הײַזער.

סאכאקל מיט הונדערט יאָר צוריק זײַנען אפן אָרט פון אסאכ' זאמדיקע וויסטענישן געווען זאמדיקע סטעפּעס. די נארין־זאמדן הינטער אסטראכאן זײַנען געווען א ניט־גערירטער סטעפּ, עס פלעגן קומען נאָמאדן־קירגיזן מיט טשערעדעס, זיי פלעגן קומען און אוועקגיין. קאָלזמאן אין סטעפּ איז געווען אסאך אָרט, פלעגן זיך די טשערעדעס ניט אָפּט אומקערן אפ איין־און־דעמזעלבן פּאשע־אָרט. אָבער וואָס ווײַטער, אלץ ערגער איז געוואָרן די נאָמאדן אין סטעפּ. פון צאָפן האָבן די רוסישע דעראָבערערס זיי ארויסגעשטופּט. אלץ אָפּטער און אָפּטער איז די קירגיזן אויסגעקומען צו דרייען זיך אפ איין אָרט, זיי האָבן געטאָפּטשעט און אומגעבראכט דעם סטעפּ, דעם שפּײַזער, און פארוואנדלט אים אין א וויסטעניש, אין שיטעווודיקע זאמדן.

אָבער ניט נאָר אזוי רויִנירן די מענטשן די פארוואקסענע זאמדן און לאָזן זיי אפ דער פרײַ.

די מענטשן האקן אויס די סאקסאול־וועלדער אפ הייצונג.

די מענטשן האקן אויס די געדיכטענישן פון קעמל־שטעכלקעס אפ שפייז פאר די קעמלען.

זיי באפרייען אליין די זאמדן, וועלכע פארשיטן דערנאָך זייערע אייגענע פעלדער.

אָט אזוי אומבאוווּסטזיניק מאכן די מענטשן איבער די נאטור — אָפטמאָל צו זייער אייגענעם שאָדן.

## וויאזוי שטעלט מען אָפּ די זאמדן?

מיר בויען איבער די נאטור באוווּסטזיניק און מיט א פּלאן.

און די מילכאָמע קעגן די זאמדן דארפן מיר אויך פירן לויט א פּלאן.

די זאמדן דארף מען אָפּשטעלן אום יעדן פּרייז, — זיי קענען דאָך אומברענגען אלצדינג, וואָס מיר בויען אין דער וויסטעניש.

די זאמדן פארשיטן די אייזנבאנען, די זאמדן שטעלן אָפּ די אווטאָמאָבילן, די זאמדן מאכן קאליע די שטאבעלן פון ווערטפולן זאלץ — מיראבּיליט — אפ די קארא־בוגאזער פאנאנדערארבעטונגען, די זאמדן פארשיטן די וואסער־קאנאלן און די באוואסערטע פעלדער.

וויאזוי זאָל מען זיי אָפּשטעלן?

דאָס דארפן מיר זיך אויסלערנען בא דער נאטור

אליינ. דאָרט, ווו ס׳איז ניט געווענ דער מענטש מיט זײַנע טשערעדעס, דאָרט, ווו דער מענטש האָט ניט אויסגעהאקט די וועלדער אונ קושטשעס, איז די וויס־טעניש לאנג פארוואקסנ אונ האָט זיכ בארויִקט.

עס איז פאראנ א סאָד, וויִאזוי צו צוימענ די זאמדנ, אונ אָט דעמ סאָד דארפנ מיר געווירע ווערנ.

## דער קאמפ פונ די געוויקסנ קעגנ די זאמדנ.

די שיטעווודיקע זאמדנ ווערנ פארוואקסנ אליינ, מע דארפ זיי נאָר ניט שטערנ דערינ. זיי ווערנ באַוואקסנ לאנגזאמ, אינ מעשעכ פונ צענדליקער יאָרנ, אָבער פאָרט ווערנ זיי באוואקסנ. אינ די גריבער צווישנ די בארכאנעס באזעצנ זיכ די ערשטע געוויקסנ־פיִאָנערנ, די ערשטע באוווינער. זיי באזעצנ זיכ, אונ לעבנ, אונ פעסטיקנ צוביסלעכ צונויפ די זאמדנ.

וויִאזוי באווײַזנ זיי עס צו לעבנ אונ צו וואקסנ צווישנ דעמ זאמדיקנ כוואליעדיקנ יאמ, אפ א באָדנ, וואָס שטייט ניט אפ אנ אָרט, נאָר האלט אינ איינ באוועגנ זיכ.

אסאכ געפארנ לויערנ אפ זיי אינעמ זאמד, וואָס באוועגט זיכ. דער ווינט קענ פארשיטנ מיט זאמד די זוימענ, אונ דאנ וועלנ די שפּראָצונגענ שוינ ניט דערזענ די ליכטיקע שײַנ, נאָר אויב אפילע די שפּראָ־צונגענ וועלנ באווײַזנ זיכ אופצוהייבנ, וועט זיכ אָנרוקנ א זאמדיקער בארג אונ וועט זיי באגראָבנ

אונטער זיכ. אונ אויב זיי וועלנ ניט אומקומענ דערפונ, קענענ זיי אומקומענ פונ עפּעס אנדערש. וואָס פאר א באטרעפ איז עס פארנ ווינט, פארנ שטארקנ ווינט פונ דער וויסטעניש, אויסצובלאָזנ דעמ זאמד פונ צווישנ די וואָרצלענ, אנטבלויזנ די וואָרצלענ, ארויס־רײַסנ דעמ געוויקס אונ אוועקלייגנ אימ א טויטנ אפנ זאמד?

אונ דאָכ וואקסנ אפ די שיטעוודיקע זאמדנ גראָזנ אונ קושטשעס. אייניקע פונ זיי גיט זיכ אײַנ צו בלײַבנ לעבנ, אונ אינ פארלויפ פונ טויזנטער יאָרנ האָבנ די געוויקסנ זיכ צוגעפאסט צו דער וויסטעניש.

איינער פונ די ערשטע קומט אינ די זאמדנ דער קושטש קאנדימ. אונ ניט ער קומט צו גיינ, נאָר ער קומט צו לויפנ, קומט צו פליִענ שפּרינגענדיק. די זוימענ זײַנענ באמ קאנדימ באהאלטנ אינ א קײַלעכיק ני־סעלע. אונ פונדרויסנ איז דאָסדאָזיקע ניסעלע אָנגע־טאָנ מיט עלאסטישע הערעלעכ. ווענ דער ווינט בלאָזט, שפּרינגט דאָס ניסעלע, ווי א פּילקע, עס יאָגט, אונ דער זאמד לויפט דעמ נאָכ. אָבער דער זאמד איז שווערער, דער זאמד קענ ניט דעריאָגנ דאָס ניסעלע, ער קענ עס ניט פארשיטנ.

אָט אזוי אנטלויפט דער קושטש קאנדימ פונ דער ערשטער געפאר. דער זאמד קענ ניט פארשיטנ זײַ־נע זוימענ.

עס איז אָבער פאראנענ אנ אנדער געפאר. דער קושטש וואקסט ארויס פונעמ זוימענ. דער קושטש

קענ ניט לויפנ אונ שפּרינגענ. וויאַזוי ראַטעוועט ער זיכ פונ די אָנגרייפנדיקע זאַמדיקע כוואַליעס? אָט רוקט זיכ אָנ א כוואַליע — אונ פונעמ קושטש וועט גאָרניט בלייבנ. זי וועט אימ באַגראָבנ לעבעדיקערהייט, אַזויווי זי באַגראָבט די אַבריקאָסנ אונ פערשקעס בא די גרענעצנ פונ די אָאַזיסנ.

אָבער דעמ קושטש קאַנדימ איז גאָר ניט אַזוי גרינג צו פאַרשיטנ. באַמ קאַנדימ איז ניט אַזוינע צווייגנ, ווי בא דער פערשקע, אָדער באַמ אַבריקאָס. די צווייגנ זיינענ בא אימ דינע, אונ קיינ בלעטעלעכ איז אַפ זיי ניטאָ. ווענ עס רוקט זיכ אָנ דער זאַמד — קעמפט ניט דער קאַנדימ מיט אימ, ער פּרוווט אימ אַפילע ניט אָפּשטעלנ. ער לאָזט אימ דורכ דורכ זיינע צווייגנ: גיי זיכ דיינ וועג.

עס טרעפט אָבער, אַז די כוואַליע איז אַזוי גרויס, אַז זי פאַרשיט פאָרט דעמ קושטש. דעמלט הייבט זיכ אָנ א יאָגעניש: די כוואַליע וואַקסט, אונ דער קושטש וואַקסט. די כוואַליע וואַקסט גיכער, אונ דער קושטש נאָכ גיכער. אונ ווענ די זאַמדיקע כוואַליע וואַקסט אויס אינ איר גאַנצער הייכ, — ווייזט זיכ אַרויס, אַז דער קושטש האָט זי איבערגעיאָגט, אַז זיינע צווייגעלעכ סטאַרטשענ ווי א גריג בערשטל פונעמ סאַמע ראַנד פונ דער כוואַליע.

אונ דאָס איז נאָכ ניט אַלצ. דער קושטש צעוואַקסט זיכ, ער דרינגט דורכ דעמ גאַנצנ זאַמד מיט זיינע שטענגלעכ.

און ווען דער באַרכאַנ גייט אוועק, לאָזט ער אי־
בער אפנ אָרט העכער האַלב זאַמד.

דער זאַמד וויל ניט אוועקגיינ מיט גוטנ, טאָ זאָל
ער בלייַבנ דאָ אפנ אָרט!

אָט אזוי שטעלט דער קושטש קאַנדים אָפּ דעם
זאַמד, פאַרוואַנדלט אימ אינ אַ פאַרוואַקסנ און אפּ
דורכ־און־דורכ דורכגעוואַקסנ באַרגל.

עס איז אָבער פאַראַנענ נאָכ די לעצטע געפאַר:
אומקומענ ניט אונטער אַ זאַמדיקער כוואַליע, נאָר
אפּ אַ גלייַכנ אָרט. דער ווינט קענ אַרויסבלאָזנ דעם
זאַמד פונ די וואָרצלענ. נאָר דער קאַמפּ איז אויכ
דאַנ נאָכ ניט פאַרענדיקט, דער קאַנדים קענ מיטנ
ווינט אויכ קעמפנ. ליגנדיק אפנ זאַמד, לאָזט דער
קאַנדים אַרויס צוגאָב־וואָרצלענ. ער טשעפּעט זיכ
אָנ מיט די וואָרצלענ פאַרנ אַנטלויפנדיקנ זאַמד, ער
שטעלט אימ אָפּ, קלייַבט אימ צונויפ לעבנ זיכ און
אונטער זיכ, ער באַשאַפט אַלײנ אַ באָדנ פאַר זיכ.

און ניט בלויז דער קושטש קאַנדים, עס זייַנענ
פאַראַנענ נאָכ אַנדערע גראָזנ און קושטשעס, וואָס
קענענ אָפּשטעלנ דעם זאַמד, וואָס קענענ לעבנ אפנ
שיטעוודיקנ זאַמד.

אַזעלכע צוויי־דרייַ קושטשעס צעברעכנ די באַר־
כאַנעס־קייט, צערייַסנ זי אפּ שטיקער — אפּ קלענערע
כוואַליעס, די כוואַליעס ווערנ אַלצ קלענער און קלע־
נער. אַלצ נידעריקער און נידעריקער ווערנ די כוואַ־
ליעס, אַלצ געדיכטער קלייַבנ זיי די קושטשעס אָנ,

און דער סאָף איז, אז די שיטעוודיקע זאמדן פאַר־וואנדלען זיך אין פאַרוואקסענע, צוגויפגעבונדענע בערגלעך.

אינעם קאמף בלייַבן די געוויקסן די זיגערס.

נאָר ווען זיי דערשלאָגן זיך צום זיג, גרייטן זיי זיך אליין אן אומקום. אונטער זייער שוץ צעוואקסט זיך אף די זאמדיקע בערגלעך א צווייטער אומבייַט געוויקסן — אזוינע געוויקסן, וואָס אליין קענען זיי ניט אָפּשטעלן דעם זאמד. די זאמד־אָסאָקע און אנ־דערע גראָזן קליידן אויס דאָס בערגל מיט א דור־כויסיקן צודעק. און אָט ווערט שוין ענג, עס קלעקט ניט קיין וואסער פאַר אלעמען. ערגער פאַר אלץ איז די ערשטע באַווינערס, וועלכע זייַנען ניט געוווינט געוואָרן צו טיילן זיך מיט דער וואסער מיט אנדערע. און זיי שטאַרבן אוועק, און טרעטן אָפּ דאָס אָרט דעם אומבייַט.

## מירן פאַרזייען די זאמדן.

איז אָט ווי־אזוי די געוויקסן שטעלן אָפּ דעם זאמד.

מיר האָבן אויסגעגאַרט בא דער נאַטור איר סאָד, און מיר וועלן אים אויסנוצן, קעדיי איבערצומאכן טאקע זי, די נאַטור.

פאַרוואָס הייבן זיך די זאמדן אָן צו באַוועגן?

זיי הייבן זיך אָן צו באַוועגן טאקע איבער אונ־דזער אייגענער שולד. וואָס־זשע דאַרף מען, אז די זאמדן זאָלן ליגן רויִק?

אָפּהיטן די וועלדער אין דער וויסטעניש, ניט אויסהאקן זיי דורכויס. אויסהאקן בלויז דעם צווווקס, אזוי, אז דער וואלד זאָל ניט ווערן שיטערער, ער זאָל ניט פארשווינדן.

אָפּהיטן דעם באָדן פון דער וויסטעניש, אָפּהיטן די פּאשע, אז די טשערעדעס זאָלן זיך ניט אָפּשטעלן צו לאנג אפ איין אָרט, זיי זאָלן ניט אויסטאָפּטשען דעם באָדן, ניט צעברעכן אים.

וואָס זאָל מען אָבער טאָן מיט די זאמדן, וואָס זיינען שוין צעשלאָגן, וואָס האָבן זיך שוין אָנגע-הויבן באוועגן?

צי דען זאָלן מיר זיי איבערלאָזן אפ דער פריי?

ניין, מע דארף זיי אָפּשטעלן. מע דארף זיי פאר-זייען, פארפלאנצן מיט גראָזן, קושטשעס, מיט ביי-מער. מיר קענען ניט ווארטן, ביז זיי וועלן אליין פארוואקסן ווערן, אפ דערופ וואָלט אוועק צופיל צייט. מיר וועלן שיקן אין דער וויסטעניש אעראָ-פּלאנען. זאָלן זיי פליִען איבער איר, באשיטן זי מיט א רעגן פון זוימען.

אָבער ווען מיר וועלן פארזייען די זאמדן, וועלן מיר זיי ניט נאָר אָפּשטעלן,— מיר וועלן זיי פארוואנדלען אין פּאשעס פאר אונדזערע טשע-רעדעס.

דער סטעפּ, וועלכן דער מענטש האָט אמאָל רוי-ניִרט, וועלכער איז געוואָרן הוילע וויסטעניש,—דער סטעפּ וועט ווידער ווערן סטעפּ.

# מירן פארטרײַבן די בארכאנעס פון אונדזערע פעלדער.

די בארכאנעס גייען איבער דער וויסטעניש ניט אליין, דער ווינט טרײַבט זיי אפ אונדזערע פעלדער. אָבער דעמזעלבן ווינט קען מען צווינגען צו פאר־טרײַבן די בארכאנעס פון אונדזערע פעלדער צוריק אין דער וויסטעניש.

וויאזוי־זשע קען דאָס זײַן?

מע קען דאָך ניט הייסן דעם ווינט בלאָזן אין א אנדער זײַט.

ניין, הייסן קען מען, פארשטייט זיך, ניט. דער ווינט וועט ניט פאָלגן. מע קען אים אָבער איבער־קליגן. צוליב דעם דארף מען נאָר וויסן, וויאזוי און וווּהין דער ווינט בלאָזט, וויאזוי און וווּהין ער טרײַבט די בארכאנעס. וויסן — אָט וואָס מיר דארפן האָבן, קעדיי די קרעפטן פון דער נאטור זאָלן אונדז פאָלגן.

וויאזוי בלאָזט דער ווינט אין דער וויסטעניש?

עס זײַנען דאָ ערטער, ווו דער ווינט בלאָזט ווינ־טער־צײַט אין איין זײַט, און זומער — אין אן אנדע־רער. און דאָך גרײַפן די בארכאנעס אָן, זיי טאָפּ־טשען זיך ניט אפ איין אָרט; זיי מאכן איין טריט צו־ריק, און צוויי פאָרויס.

אָט דאָס טאקע וועלן מיר אויסנוצן.

אויב דער ווינט בלאָזט זומער אין אן אנדער זײַט,

וועלן מיר אים ניט שטערן. זאָל ער טרײַבן פֿון אונדז די באַרכאַנעס.

אָבער ווינטער, ווען דער ווינט וועט אַ בלאָז טאָן אין אונדזער זײַט און וועט פֿירן די באַרכאַנעס אין אָנגרײַף אויף אונדזערע פֿעלדער, וועלן מיר אים שטערן מיט אַלע מיטלען: מיר וועלן אים אַוועקשטעלן אויפֿן וועג פֿעסטע שילדן, מיר וועלן פֿאַרהאַלטן זײַן באַוועגונג מיט פֿלאַנצונגען.

וואָס־זשע וועט זיך באַקומען?

ווינטער־צײַט, ווען דער ווינט איז אונדזער פֿײַנט, וועלן מיר אים שטערן. זומער, ווען ער איז אונדזער פֿרײַנט, וועלן מיר אים געבן די פֿולע פֿרײַהײַט.

און, אָנשטאָט צו רוקן אויף אונדז די באַרכאַנעס, וועט דער ווינט זיי אָפּטרײַבן צוריק אין דער וויסטעניש.

## מירן איבערבויען די זאַמדיקע סטעפּעס.

מיר וועלן אָפּשטעלן די זאַמדן פֿון דער וויסטעניש און פֿאַרזייען זיי. וואָס זאָלן מיר אָבער טאָן מיט יענע זאַמדן, וואָס זײַנען שוין פֿון לאַנג פֿאַרוואַקסן? זאָלן מיר זיי איבערלאָזן אַזוי, ווי זיי זײַנען איצט?

ניין, אָט די זאַמדן דאַרף מען אויך איבערמאַכן.

וואָס פֿאַראַ געוויקסן וואַקסן אויף די פֿאַרוואַקסענע זאַמדן?

עס וואַקסט די זאַמד־אָסאָקע, עס וואַקסט דער קושטשקאַנדים, עס וואַקסן נאָך אַסאַך אַנדערע געוויקסן.

צי טויגן זיי אלע אף פיטער פארן פי?
ניין, ניט אלע.

אָט, אשטייגער, די זאמד־אָסאָקע. זי איז אינגאנצן אוועק אין דער ערד. וואָרצלען האָט זי אסאך, מער איידער מיר באדארפן. אף וואָס דארפן מיר די וואָרצלען? מיר דארפן ניט די וואָרצלען, נאָר די שטענגלעך און די בלעטער. הייסט עס, דארף מען די אָסאָקע פארבייטן מיט אזא גראָז, וואָס האָט ווייניקער וואָרצלען און מער גרינס. עס וועט דאן זיין מער פיטער פארן פי.

אָדער דער קושטש קאנדים. ער קען גוט מילכאָמע האלטן מיט די זאמדן. ער האָט זיך גוט איינ זינען. ער האָט אָבער אינ זינען נאָר זיך, און ניט אונדז. צי האָט ער אסאך האָלצ־שטאָף? עס וועט פון אים זיין ווייניק טאָלק, אויב מע וועט אים האקן אף האָלצ.

ניין, מע דארף צורעכט מאכן די זאמדיקע סטע־פעס, צורעכט מאכן די נאטור.

די נאטור האָט אונדז ניט אין זינען. מיר אליין דארפן זיך האָבן אין זינען.

וואָס־זשע וועלן מיר פארזייען אין די זאמדיקע סטעפעס?

מיר דארפן צוקלייבן אזוינע געוויקסן, וואָס זאָלן זיין זאפטיק און נערהאפט און געבן א גרויסע גע־רעטעניש. און דעריקער, זיי דארפן קענען לעבן אין דער וויסטעניש. זיי דארפן ניט נאָר שפּאָרן וואסער,

נאָר אויך אויסבּרענגען די וואַסער מיט נוצן פאַר אונדז.

צי זײַנען פאַראַנען אַזעלכע געוויקסן?

פאַראַנען.

אָט נעמט, צום בײַשפּיל, דעם ציבעלע־מיאַטליק. גיט אים פּונקט אַזויפיל וואַסער, ווי דער זאַמדיקער אָסאָקע, וועט ער געבן אַ גרעסערע געוויקס. הייסט עס, ער קען בעסער אויסבּרענגען די וואַסער.

און אַזעלכע געוויקסן זײַנען פאַראַנען ניט ווייניק.

ס'איז דאָ די אייגענע מײַסע, ווי מיט אַ מאַשין.

ווען מע קלײַבט אויס אַ מאַשין פאַר אַ זאַוואָד, זעט מען, וויפל זי ברענגט אויס וואַסער, אייל, מאַ־טעריאַלן, ענערגיע. מע נעמט נאָר יענע מאַשין, וועלכע פאַרווענדט ווייניקער, און ניט מער.

די אינזשעניערן פון די פעלדער, ווען זיי קלײַבן אויס די געוויקסן, דאַרפן זיי טאָן אַזוי, ווי די אינ־זשעניערן פון די זאַוואָדן.

מע דאַרף דורכרעווידירן אַלע סטעפּעס. אין די סטעפּעס איז פאַראַן נישטיקע, אומנייטיקע פאַר אונדז, האַרטע, ניט־נערהאַפטע גראָזן. ערגער אָבער איז, וואָס אין די סטעפּעס וואַקסן ניט נאָר אומנייטיקע, נאָר אויך שעדלעכע, גיפטיקע גע־וויקסן. פאַר זיך האָבן זיי זיך אײַנגעאָרדנט גוט, אָבער אונדז שטערן זיי בלויז. מיר וועלן זיי פאַר־ניכטן, צעאַקערן די סטעפּעס, — און אויף דער צעאַ־קערטער ערד וועלן מיר פאַרזייען נײַע גראָזן.

# מירן איבערבויען דאָס לעבן.

און איצט וועגן די נאָמאדן, די וואנדער־מענטשן. פאַרוואָס וואנדערן זיי?

דערפאר, וואָס זייערע טשערעדעס לעבן מיט דעם פיטער, וואָס זיי קריגן אונטער די פיס.

דער פיטער אונטער די פיס—דאָס איז דאָס גראָז. איז פאראנען פיטער אונטער די פיס, פאשעט זיך דאָס פי אפן אָרט, איז דער פיטער אונטער די פיס אופגעגעסן, גייט די טשערעדע ווײַטער, צו נײַע פי־טערן.

אויב עס פאלט אויס ווינטער א שניי און פארדעקט דאָס גראָז, דארף מען מיט די טלאָען ארויסקריגן דאָס גראָז פון אונטער די פיס. און טאָ־מער פאלט אויס א טיפער שניי, אויב ס'איז א בור־ראן, א זאווערוכע? דאן איז ניטאָ קיין פיטער. און אויב ס'איז ניטאָ קיין פיטער פארן פי, איז דאָס א הונגער אויך פאר די מענטשן. און נאָך א הונגער קומען קראנקײַטן און טויט.

וואָס דארף מען טאָן, קעדיי די נאָמאדן זאָלן אופהערן וואנדערן? הײַזער זײַנען נייטיק?

ניין, ניט נאָר הײַזער.

פריִער פאר אלץ איז נייטיק זייער אן איינפאכע זאך—היי. וואָרעם אויב זיי וועלן האָבן א רעזערוו היי אפ ווינטער,—איז צו וואָס זאָלן זיי וואנדערן, זוכן היי אונטערן שניי?

א רעזערוו פיטער איז דאָס בעסטע מיטל צו האָבן קעסיידער שפּײַז. אָבער קעדיי עס זאָל זײַן היי, דארף מען עס פארזייען, דארף מען היי־לאָנקעס.

וואָס נאָך באַדארף מען? מע באַדארף קאָשארעס און פּי־שטאלן, קעדיי דאָס פּי זאָל ניט פרירן ווינ־טער.

אין דער וויסטעניש איז דאָך הייס נאָר זומער. ווינטער זײַנען דאָרטן פרעסט.

פארשטייט זיך, מע באַדארף אויך הײַזער פאר די מענטשן. און ניט נאָר הײַזער — מע באַדארף האָבן שפּיטאָלן אַף צו היילן די מענטשן. מע באַדארף האָבן שולן אַף צו לערנען זיי. מע באַדארף עלעקטרעסטאנ־ציעס, אז ס׳זאָל זײַן ליכט, ס׳זאָל זײַן ענערגיע פאר די מאשינעס. מע באַדארף זאוואָדן אַף צו מאכן פון דער מילך פּוטער, פונעם לעדער — שטיוול, פונעם וואָל — צײַג. מע באַדארף גערטנער, אז די ארבעטער און קאָלווירטניקעס זאָלן ניט פילן קיין מאנגל אין גאָרטנווארג און פרוכטן.

פון פארצײַטן האָבן די נאָמאדן געמוזט זיך באַ־גיין אָן דעם, וואָס ס׳איז נייטיק פאר׳ן געזונט: זיי האָבן געהאט פלייש, עס איז באַ זיי אָבער ניט געווען קיין גאָרטנווארג און פרוכטן.

די קינדער זײַנען געוואקסן ניט וויסנדיק, וואָס איז אזוינס אַן עפּל.

באַדארף מען, הייסט עס, ניט נאָר גערטנער, נאָר אויך סעדער.

אָבער קעדיי דאָס אלץ צו מאכנ, דארפ מענ אר־בעטנ ניט אזוי, ווי מע האָט געארבעט פריִער. איבער־בויענ די וויסטעניש — דאָס איז דאָך א גרויסע אופ־גאבע. דאָ דארפ מענ האָבנ א פּלאנ. דאָ דארפ מענ די וויסנשאפט, דאָ דארפ מענ דעמ סאָציִאליזמ, דאָ דארפ מענ די אייגמוטיקע ארבעט פונ אסאך מענטשנ.

דאָס איז ניט פאר די קויכעס, פונ איינ מענטשנ, דאָס איז בעקויעכ צו טאָנ אנ ארטעל. דאָס, וואָס עס וועט ניט אימשטאנד זײַנ אופצוטאָנ אנ ארטעל, וועט אופטאָנ א פארבאנד פונ ארטעלנ. דאָס, וואָס עס וועט ניט קענענ דער פארבאנד פונ ארטעלנ, וועט אופטאָנ די גאנצע רעפּובליק, אונ דאָס, וואָס עס וועט ניט אימשטאנד זײַנ אופצוטאָנ א רעפּובליק, וועט אופטאָנ דער פארבאנד פונ די סאָוועטישע רעפּובליקנ.

ניט יעדע מענטשלעכע ארבעט, בלויז די פּלאנ־מעסיקע סאָציִאליסטישע ארבעט פונ מיליאָנענ וועט איבערבויענ די וויסטעניש.

אונ די ארבעט גייט שוינ. די מענטשנ בויענ אי־בער די וויסטעניש, בײַקומענדיק טויזנטער שוועריי־קײַטנ. עס זײַנענ שוינ פאראנ אינ דער וויסטעניש אי זאוואָדנ, אי קאָלווירטנ, אי עלעקטרעסטאנציעס, אי וועגנ, אי שולנ, אי שפּיטאָלנ. די שאכטעס פונ קאראגאנדא, די פאנאנדערארבעטונגענ פונ קארא־בוגאז, די נאפט־טורעמס פונ עמבא־נאפט, די קופּער־שמעלצ־אויוונס פונ דזשעזקאזגאנ, דער שוועבל־זא־וואָד אינ סאמע צענטער פונ קארא־קומי, — זיי אלע

זײַנענ אופגעקומענ אונ אויסגעוואקסנ פאר אונדזערע אויגנ אינ דער וויסטעניש.

אמאָל זײַנענ פאָרגעקומענ גרויסע פעלקער־איבער־וואנדערונגענ. איצט קומט פאָר א גרויסער פּראָצעס פונ באזעצנ זיכ אפ דער ערד. בלויז פארנ ערשטנ פינפיאָר האָבנ זיכ באזעצט אפ דער ערד העכער הונדערט טויזנט פאמיליעס נאָמאדנ.

די וויסנשאפטלעכע סטאנציעס שטודירנ די באַ־וועגונגענ פונ די זאמדנ. אפ די פּרווו־פעלדער כאָ־וועט מענ אויס אלצ נײַע אונ נײַע סאָרטנ געוויקסנ. צענדליקער וויסנשאפטלעכע עקספּעדיציעס דרינגענ ארײַנ אלע יאָר אינ נאָכ ניט אויסגעפאָרשטע ערטער.

א גאנצע קאָלאָנע אווטאָמאָבילנ האָט זומער 1933 דורכגעמאכט דעמ ווײַטנ אונ שווערנ וועג פונ מאָס־קווע קיינ קארא־קומי אונ פונ קארא־קומי קיינ מאָסקווע.

עס בײַט זיכ די וויסטעניש, עס בײַט זיכ אויכ דאָס לעבנ אינ דער וויסטעניש.

## די פּײַנט פונ די פעלקער פונ דער וויסטעניש.

אמאָליקע צײַטנ האָבנ די פעלקער פונ דער וויס־טעניש מוירע געהאט פאר צוויי פּײַנט.

איינ פּײַנט זײַנענ געווענ — מענטשנ, דער צוויי־טער — די נאטור.

די מענטשן האָבן געיאָגט, געשפּאַרט די נאָמאַדן. די נאָמאַדן פלעגן אין די טויזנטער אוועקגיין פון די באַצווינגערס. טויזנטער פלעגן אומקומען אונטער די קלעפּ פונעם צווייטן פּײַנט — פון דער נאַטור.

אָט וואָס עס דערציילט וועגן די אַנטלויפנדיקע קירגיזן דער רײַזנדער פּרזשעוואַלסקי:

„ניט לאַנג פאַר אונדז, אין דיזעלביקע ערטער, דאָס הייסט אַפּ דער מיטעלער אורונגו, האָבן פאַרבראַכט אַ גאַנצן ווינטער די קירגיזן, וואָס זײַנען אַנטלאָפן זומער און האַרבסט 1878 קיין כינע. אינגאַנצן זײַנען אַוועק פון אונדז 1800 קיביטקעס, אַנערעך 9000 נעפּאַשעס.

„די אַנטלאָפענע האָבן אַוועקגעוואַנדערט טיילווײַז אין דאָרעמ־אַלטײַ, טיילווײַז אַפן טײַך אורונגו.

„איבעריקנס, פריִער, איידער זיי זײַנען געקומען אַהער, האָבן זיי געפּרוּווט זיך לאָזן מיטן גלײַכן וועג צו גוטשען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די וויסטעניש קען מען ניט דורכגיין, און די גרופּע איז געווען געצווּנגען זיך אומקערן אַפּ דער אורונגו, ווּ זיי האָבן פאַרבראַכט דעם ווינטער און זײַנען אויסגעשטאַנען שרעקלעכע ליידן דערפון, וואָס ס'איז ניט געווען קיין פיטער פאַרן פי. מיר זײַנען געגאַנגען מיט דער מיטעלער אורונגו, גראָד מיט די ערטער,

ווי ס'האָבן געווינטערט די קירגיזן. ביזן סאַמע פֿאַרקערעווע פֿון גוטשענער וועג, רעכטס פֿון אורונגו, דאָס הייסט אינגאַנצן אַף אַ הונדערט פּופּציק ווערסט, האָבן זיך שיער ניט אַף יעדן טריט באַגעגנט די ווינטער־אָפּשטעלן פֿון די קירגיזן. אַף אָט דעם גאַנצן שטעטעך איז ניט געווען אַבסאָליוט קיין איין קוואַדראַט־קלאַפֿטער, ווו דאָס גראָז זאָל בלײַבן גאַנץ. דער טשערעט און די יונגע ווײַדעס זײַנען אויך געווען אָפּגעגעסן ביז לעצט. דאָס איז נאָך ווייניק, די קירגיזן האָבן נאָך אָפּגעהאַקט די צווײַגן פֿון אַלע אָן אויסנאַם טאָפּאָלן, וואָס זײַנען געוואַקסן וועלדערווײַז אַפֿן ברעג פֿון דער אורונגו. אַסאַך פֿון אָט די ביימער זײַנען געלעגן אומגעוואַלגערטע. די קאָרע זייערע איז געגאַנגען אַף שפּײַז פֿאַר די שאָף־בעק, און מיט די שפּענדלעך, וואָס מע האָט אָנגעהאַקט פֿון די שטאַמען, האָט מען געהאָדעוועט די בעהיימעס און די פֿערד.

„פֿון אַזאַ מין שפּײַז איז אַסאַך פֿי אומגעקומען, דעריקער די שאָף־בעק, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט גאַנצע צענדליקער לעבן די אָפּשטעל־ערטער. אַפֿילע די פֿילצאָליקע וועלף האָבן ניט געקענט אויפֿעסן אַזויפֿיל געפֿאַלן פֿי. זיי האָבן געפֿוילט און אָנגעשטעקט די אַרומיקע לופֿט. און דערבײַ איז דאָס פֿי־מיסט פֿון די

טויזנטקעפּיקע משערעדעס געלעגן שיר ניט ווי א דורכויסיקע מאסע איבּערן גאנצן טאָל פון דער מיטעלער אורונגו.

„א טרויעריקן אויסזען האָט געהאַט אָט די גאנצע געגנט, וועלכע איז אליין פאר זיך אויך געווען גענוג אומעטיק. גלײַך ווי ס'וואָלט דאָ דורכגעפלויגן א כמארע היישעריקן, אפילע עפּעס ערגערס, ווי היישעריקן. יענע וואָלטן אופגעגעסן דאָס גראָז און די בּלעטער, און אף דער אורונגו האָט מען ניט געשאנעוועט אפילע די בּיימער. זייערע צעקאליעטשעטע שטאמען האָבּן געסטארטשעט אפן בּרעג טײַך, ווי אײַנ־געגראָבּענע סלופּעס. און אונטן האָבּן זיך אר־מעטום געוואלגערט הרודעס ארומגעהריזעטע צווײַגן. פון דער געגנט האָט מען א טעל געמאכט — אף אסאך יאָרן".

אָט דאָס דערציילט דער רײַזנדער פּרזשעוואלסקי. אָבּער וועגן אסאך זאכן דערציילט ער ניט.

פון וואָס זײַנען די קירגיזן אנטלאָפן? וויאזוי איז געגאנגען די דעראָבּערונג פון די וויסטענישן און אָאזיסן אין מיטל־אזיע?

א פּאפּיר, אָנגעשריבּן אין א קאנצעליאריע, א געוויינלעכער בּאפעל מיט א נומער און שטעמפּל, דערציילט אמאָל דעם אויספאָרשער מער, איידער אלע דערינערונגען פון אן אויג־איידעס.

אָט זײַנען צוויי אזוינע בּאפעלן:

פאַרשריפֿט פֿונעם גענעראַל קאָופֿמאַן דעם גענעראַל גאָלאָוואַטשאָוו פֿון 6 יול 1873, נו־מער 1167.

„כ׳לייג אײַך פֿאָר גלײַך זיך אוועקלאָזן אין די וואַנדער־ייִשוּווים פֿון די יאָמודן, וואָס ליגן בּאַם כאָרוואַטער אַריק און זײַנע אָפּצווײַגונגען, און איבּערגעבּן אָט די וואַנדער־ייִשוּווים פֿון די יאָמודן און זייערע פֿאַמיליעס צו פֿולקומער פֿאַרניכטונג און אויסראָטונג“.

פאַרשריפֿט פֿונעם גענעראַל קאָופֿמאַן דעם פּאָלקאָווניק סאַראַנטשאָוו פֿון 6 יול 1873, נו־מער 1169.

„אײַער הויכוווילגעבּורט דאַרף גלײַך זיך לאָזן איבּער די וואַנדער־ייִשוּווים פֿון די יאָמודן, און איר וועט איבּערגעבּן זייערע וואַנדער־ייִשוּווים און פֿאַמיליעס צו פֿאַרניכטונג און אויסראָטונג“.

דער גענעראַל טערענטיעוו דערציילט:

„גאָלאָוואַטשאָוו האָט צונויפֿגעזאַמלט אַלע קאָזאַקן־אָפֿיצערן, האָט זיי געמאָלדן דעם בּאַפֿעל, וואָס איז אָנגעקומען פֿונעם גענעראַל קאָופֿמאַן, און האָט פֿאַרענדיקט:

„— איך האָף, אַז איר וועט אויספֿילן דעם בּאַפֿעל אָן איבּעריקע קלערענישן און וועט ניט נעמען אין אַכט ניט קיין געשלעכט און ניט קיין עלטער... הארגעט אַלעמען.

די קאוואלעריע האָט זיך אוועקגעלאָזט אָניאָגן די אנטלויפנדיקע טורקמענער (יאָמודן איז א טורק־מענישער שייוועט).

„אינגיכן האָט מען פון באַראָנ קריצנערס אָפּטייל געגעבן צו וויסן, אז לינקס פון וועג זעט מען א מאסע הארבעס און פי, וואָס באַ־וועגט זיך צו די זאמדן. אז די טורקמענער האָבן באַמערקט די קאוואלעריע, וואָס יאָגט זיי אָן, האָבן זיי איבערגעלאָזט דאָס פי, אויסגעשפּאנט די פערד און אוועקגעיאָגט רײַטנדיק. די קאָזאקן האָבן געיאָגט פאַרבײַ דעם קאראוואן און האָבן קיינעם ניט געשאנעוועט, באַזונדערס זײַנען זיי באַפאלן די באוואָפנטע מענטשן, וואָס זײַנען געגאנגען צופוס לעבן די הארבעס".

אָט וויאזוי די כאיאָלעס פון דער רוסלענדישער אימפעריע האָבן דעראָבערט די וויסטעניש, אָט פון וועמען עס זײַנען אוועקגעגאנגען, אנטלאָפן אין די אומדורכגענגלעכע דזשונגלען די פעלקער פון דער וויסטעניש.

## א מענטש קעגן א מענטשן, א מענטש פאַר א מענטשן.

פון אמאָליקע צײַטן האָט די נאטור געבראָכן דעם מענטשן, האָט אים ניט געלאָזט פרײַ, האָט אפ איר שטייגער געבויט זײַן לעבן. און אין ערגעץ איז איר

מאכט איבערן מענטשן ניט געווען אזוי שטארק, ווי אין דער וויסטעניש, און עפּשער נאָך אפּן ווייַטן צאָפּן. דערפאר, וואָס די נאַטור איז דאָרטן הארבער, קעמפן מיט איר איז שווערער.

אָבער צי איז אלעמען גלייַך שווער געווען צו לעבן אין דער וויסטעניש?

ניין, ניט אלעמען.

איינע מענטשן האָבן געקעמפט מיט דער וויסטעניש אליין, די אנדערע — מיט די הענט פון זייערע דינערס און ארבעטער. די דינערס האָבן פאר זיי געקעמפט מיט די זאמדן, מיט דער וואסערלאָזיקייַט, פּיטערלאָזיקייַט, די דינערס האָבן געגראָבן אריקן אין די בוימוואָל־פּלאנטאציעס.

און בא אנדערע מענטשן איז ניט געווען גאָרניט, אכוץ א קיביטקע, א צענדליק שאָף און א פּאָר איי־גענע הענט.

דידאָזיקע מענטשן האָבן געלעבט אונטער א דאָ־פּלטער מאכט: אונטער דער מאכט פון דער וויסטע־ניש, פון איר זון, זאמדן, וויכערן און אונטער דער מאכט פון די מענטשן פון זייער אייגענעם שייוועט — פון די כאנען, שטאם־פּאָטערס און בעקן.

און ווען אין דער מיטל־אזיאטישער וויסטעניש האָבן זיך א לאָז געטאָן די רוסישע באצווינגערס, — אויך דאן איז ניט אלע אייַנוווינער פון דער וויסטע־ניש געווען אלציינס שלעכט. איינע האָט מען איבער־געגעבן צו „פּארניכטונג און אויסראָטונג“, און די

אנדערע האָט מען געגעבן טיטלען און אָרדענס, קע־
די מיט זייער הילף צו האלטן אין אונטערטעניקייט
די באצוווּנגענע פעלקער.

דער גענעראל טערענטיעוו דערציילט, אז יעדעס
מאָל נאָכן אונטערגעבן זיך פלעגן די כאנען, שטאמ־
פאָטערס און בעקן קומען צו די רוסישע גענעראלן
בעטן גנאָד און ראכמאָנעס.

„דער גענעראל סקאָבעליעוו פלעג זיי אופ־
נעמען גנעדיק און האָט זיי באשאָנקען מיט
ערן־כאלאטן, און אפילע מיט מעדאלן. די שאכ־
ריסיאבסער בעקן דזשורא־בי און באבא־בי האָט
מען נאָכן אונטערגעבן זיך גלייך באלוינט מיטן
טיטל פון א פּאָדפּאָלקאָווניק, דעם כיווער כאן —
פון א גענעראל־לייטענאנט, דעם פירער פון די
טעקינצעס, טיק־מא־סארדארן — פון א מאיאָר“.

די קערפּערס פון די געהארגעטע האָבן זיך נאָך
געוואלגערט אפן זאמד, און בא די פירערס און
שטאמ־פּאָטערס האָבן שוין אפ די כאלאטן געשיינט
די מעדאלן — „פאר מוטיקייט“ און „פאר געטריי־
שאפט“.

אָט אזוי האָבן „דעראָבערט“ דעם קאנט די רוסי־
שע גענעראלן. און צוזאמען מיט די גענעראלן זיי־
נען געגאנגען די „פרידלעכע“ דעראָבערערס. אינעם
אָטריאד, וואָס האָט גענומען סאמארקאנד, זיינען,
לויט די דערציילונגען פון בייגעוועזענע, געווען די

אָנגעשטעלטע פונ די סאָכרימ כלודאָוו אונ פּער־
ווושינ. בּעשאס די אַרטיעלעריסטנ האָבּנ פונ די
הארמאטנ געבּראָכנ די ליימיקע ווענט פונ סאמאר־
קאנד, האָבּנ די פּריקאשטשיקעס פונ די הערנ כלו־
דאָווס אונ פּערווושינס געבּוקט זיכ, בּאשטעלט גאָ־
טעסדינסטנ ווענג שיקנ א זיג דעמ קריסטוסליבּנ־
דיקנ כייעל.

די גענעראלנ האָבּנ פארכאפּט דעמ קאנט, געבּויט
אינ די אָאזיסנ שטעט, פעסטונגענ, אונ די כלודאָווס
אונ פּערווושינס האָבּנ ניט פארלוירנ קיינ צייט אומ־
זיסט, אונ האָבּנ געבּויט אינ די נייע שטעט קאָנטאָרנ,
געשטעלט סקלאדנ, בּיליק אופגעקויפט ערדנ. פונ די
אָנגעקומענע זייַנענ ניט אָפּגעשטאנענ אויכ די אַייגע־
נע, אָרטיקע סאָכרימ, זיי האָבּנ אויכ אופגעקויפט
ערדנ אונ אָפּגעגעבּנ זיי אינ ארענדע צו האלבּע דע־
סיאטינעס פאר א האלבּער גערעטעניש. אינ די נייַע
שטעט האָט מענ געבּויט בּוימוואָל־רייניק־זאוואָדנ.
אינ דידאָזיקע זאוואָדנ איז קימאט ניט געווענ קיינ
שומ מאשינעס. צו וואָס דארפ מענ מאשינעס, אז
הענט זייַנענ אזוי בּיליק?

הייַנטיקע צייַט איז שווער אפילע פאָרצושטעלנ
זיכ א בּוימוואָל־רייניק־זאוואָד פונ יענער צייַט. דאָרט
פלעגנ ארבּעטער דערשטיקט ווערנ פונ די בּוימוואָל־
פּיבּרענ אונ פונ שטויבּ.

די זאוואָדנ אונ ערדנ האָבּנ געגעבּנ רעוועכ זיי־
ערע בּאזיצערס. צו וואָס־זשע האָבּנ די מענטשנ

געדארפט איבערמאכן, איבערבויען די וויסטעניש? די וויסטעניש האָט זיי אַזוי אויך באַרײַכערט. און זיי וואָלטן גאָר ניט געווען אימשטאַנד אופּצוטאָן אַזאַ גרויסע אַרבעט.

עס פלעג טרעפן, אַז דער שעף פונעם קאַנט, דער גענעראַל־גובערנאַטער, האָט ניט לאַנג געקלערט און געהייסן אַרומפלאַנצן אַלע וועגן אין דער וויסטעניש מיט ביימער — מיט ווײַסע אַקאַציעס, אָדער אײַלאַנט, אָדער מיט נאָך עפּעס אַן אומגעזעענעם בוים. נו, פלעג מען פלאַנצן. אָבער די ביימער האָבן ניט געוואָלט פּאָלגן צו וואַקסן לויטן באַפעל פונעם גובערנאַטער. זיי פלעגן פּאַרטריקנט ווערן און אומקומען אינעם פרעמדן קלימאַט אַף אַ ניט־פּאַסיקן באָדן.

און אין 1898 יאָר האָט מען אינעם הונגעריקן סטעפּ אויסגעבויט אַ קאַנאַל אַף צו באַוואַסערן דעם סטעפּ — דעם קאַנאַל פון ניקאָלײַ דעם ערשטן. אָבער וויאַזוי האָט מען אים געבויט! בעסער וואָלט מען שוין גאָרניט געבויט. שוין אין עטלעכע יאָר אַרום האָבן זיך די הרעבליעס אויסגעקרימט, דער קאַנאַל איז פאַרפּלייצט געוואָרן מיט שלאַם, די באַוואַסערטע פעלדער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין זומפּן.

פון די צופעליקע און ניט־דורכגעקלערטע אופּטוען פון די פריִערדיקע באַלעבאַטים פון דער וויסטעניש איז קיין טאָלק ניט געווען.

אַף אַן עמעס זיך גענומען פאַר דער איבערבויונג

פון דער וויסטעניש איז געווען ניט פאר זייערע קרעפטן, און ס'איז טאקע ניט געווען צו וואָס.

און פאר די ארבעטנדיקע מענטשן, פאר די, וואָס האָבן געארבעט אין דער וויסטעניש און אין אירע אָאזיסן,— פאר זיי איז די איבערבויונג פון דער וויס־טעניש בייטיק געווען; דאָס וואָלט איבערגעאנדערשט זייער לעבן. נאָר וואָס האָבן זיי געקענט אופטאָן? אפ צו נעמען אין זייערע הענט די מאכט איבער דער נאטור האָט מען פריִער געדארפט נעמען אין די אייגענע הענט די מאכט איבערן לאנד, צו ווערן די באלעבאטים פון לאנד.

עס איז געקומען דאָס זיבעצנטע יאָר. אין אונ-דזער לאנד זיינען די ארבעטער געוואָרן די באלעבא־טים, זיי האָבן צעשטערט די אלטע אָרדענונג און גע־נומען בויען א נייע.

די אלטע אָרדענונג — דאָס איז א מענטש קעגן א מענטשן, די צעטיילונג פון מענטשן אפ קלאסן.

די נייע אָרדענונג — דאָס איז א מענטש פאר א מענטשן, דאָס איז א געזעלשאפט, ווו ס'איז ניטאָ קיין קלאסן.

אָבער דידאָזיקע נייע אָרדענונג איז נאָך ניט אויסגעבויט. זי בויט זיך ערשט, און געבויט ווערט זי אין קאמפ מיט דער נאטור און אין קאמפ מיט די מענטשן — מיט יענע, וועלכע עס לוינט דאָס אלטע.

דער קאמף מיט די מענטשן גייט אָן אויך אין דער וויסטעניש. די געוועזענע כאנען, שטאמ־פאָטערס און בעקן ווילן פאר זיך אומקערן די מאכט, וואָס די רעוואָליוציע האָט בא זיי צוגענומען.

מיט אלע מיטלען קעמפן זיי קעגן דער ארבעט, וואָס עס האָבן פארקלערט אין דער וויסטעניש די נייַע באלעבאטים. אסאך מאָל האָבן זיי געפּרוּווט צו שטערן דער איבערבויונג פון דער וויסטעניש, אָנפאלנדיק אפ אונדזערע בויערס און אפ די געלערנטע — די אויספאָרשערס.

ערשט גאָר ניט לאנג — אין 1926 יאָר — איז א באוואָפנטער אָפּטייל באסמאטשן אָנגעפאלן אפ אן עקספּעדיציע פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיע. די עקספּעדיציע איז געקומען אין קארא־קומי, קעדיי אויסצופאָרשן די געזעצן פון באוועגונג און זעלבסטצעוואקסונג פון די זאמדן. דאָס איז געווען אפ א קאראוואן־וועג. פופציק באוואָפנטע רייַטערס האָבן ארומגערינגלט די געלערנטע, צוגענומען בא זיי די פערד און קעמלען, די פעק מיט פּראָוויאנט און געווער, אפ פיצלעך צעבראָכן די באראָמעטערס און טעאָדאָליטן, צעריסן די קארטעס, פאנאנדערגעוואָרפן אייבערן זאמד די קאָלעקציעס גראָזן.

אין דאָס איז ניט איין פאל.

דער קאמף קעגן די, וועמען עס לוינט די אלטע אָרדענונג, איז נאָך ניט געענדיקט.

דאָס גאנצע לאנד אונדזערס קעמפט און וועט

קעמפן קעגן דער הערשאפט פון א מענטשן איבער א מענטשן, קעגן דער הערשאפט פון דער נאטור איבער די מענטשן.

אין אָט דעם גרויסן קאמף איז די איבערבויונג פון דער וויסטעניש בלויז איין שלאכט.

## ווער האָט אויסגעבויט די וויסטעניש, און ווער וועט זי איבערבויען?

ווער האָט אויסגעבויט די וויסטעניש?

געבויט די וויסטעניש האָבן די בערג — זיי האָבן געגעבן דעם מאטעריאל פאר דער בויונג, דעם שטיין.

געבויט האָט די זון — זי האָט צעבראָכן דעם שטיין, פארוואנדלט אים אין זאמד.

די טייַכן האָבן אוועקגעטראָגן דעם זאמד אין די טאָלן.

דער ווינט האָט געזאמלט דעם זאמד אין זאמדיקע כוואליעס — בארכאנעס.

די געוויקסן האָבן צונויפגעפעסטיקט דעם זאמד מיט די וואָרצלען.

די באלעבאַטים האָבן מיט זייערע לאפעס געגראָבן נאָרעס אין זאמד, אופגעאקערט דעם באָדן מיט די טלאָען.

געבויט האָט די וויסטעניש דער מענטש — ער פלעג קומען מיט זיַינע טשערעדעס, האָט באפרייַט די זאמדן, ארויסגעלאָזט זיי אפ דער פרייַ.

אָט ווער ס׳האָט געבויט די וויסטעניש.

און ווער וועט זי איבערבויען?

איבערבויען די וויסטעניש וועלן די בערג — זיי וועלן געבן וואסער, אפּ צו באוואסערן די זאמדן.

די זון וועט צווינגען צו ארבעטן די פּאָמפּעס, וועט פּאָמפּען וואסער.

די טײַכן וועלן פאנאנדערטראָגן די וואסער איבער די פעלדער און סעדער.

דער ווינט וועט אָפּטרײַבן די זאמדן פון די פעלדער, וועט העלפן דער זון ארבעטן.

די געוויקסן וועלן אָפּשטעלן די זאמדן, וועלן געבן שפּײַז פאר די טשערעדעס און ברויט פאר די מענטשן.

די באלעבאַטים וועלן געבן די מענטשן עסנווארג און קליידער.

אָבער דער הויפּט־בויער איז דער מענטש. דאָס וועט ער צווינגען אי די בערג, אי די זון, אי די טײַכן, אי דעם ווינט, אי די געוויקסן, אי די באלעבאַטים איבערצובויען די וויסטעניש. און איבערבויענדיק די וויסטעניש, וועט ער איבערבויען אויך זיך אליין.

---